יעקב לעווין



# מעשות און לעגענדעס

## פון דער

# אידישער געשיכטע

**ערשטער טייל**

זעקסטע אויפלאגע

(פון אברהמ'ס געבורט ביז משה'ס טויט)



פארלאג „אידישע שול“

**HEBREW PUBLISHING CO.**
**77-79 DELANCEY ST., NEW YORK**

# אינהאַלט.

זייט

# בילדער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

זייט

# פאָררעדע.

א לאַנגע צייט געשלאָגן זיך מיט דער דעה: אַרויסגעבן די מעשות און לעגענדעס פון דער ביבל צי ניט. אַנדערש געזאָגט: געצווייפלט, צי מען דאַרף אָט די לעגענדעס דערציילן אונזערע קינדער, צי ניט. פון איין זייט — אַזעלכע וואונדערבאַרע מעשות, אַזוי אָביעקטיוו און אַזוי קינסטלעריש, אַז אין דערזעלבער צייט אויך דער סוראַגאַט פון אונזער אוראַלטער געשיכטע, דאָס וואָס האָט אין משך פון טויזנטער יאָרן געדינט אַלס געשיכטע פאַר אונזערע עלטערן. און פון דער אַנדער זייט — מעשות פול מיט איבערנאַטירלאַכקייטן, דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט גאָט און מיט זיין — גאָטס — שטענדיקער ווירקונג אויפ'ן מענשנס לעבן, וואָס עס איז געגן אונזער גאַנצער וועלטלאַכער וועלטאַנשויאונג.

ניט לערנען אָט די לעגענדעס הייסט אַרויסוואַרפן אַ גרויסן טייל פון אונזער קולטור, אויף וויפיל זי איז פאַרקערפּערט אין אָט דעם טייל פון אונזער אַלטער שיינער ליטעראַטור, פונ'ם באַגאַזש, וואָס מיר ווילן איבערגעבן אונזערע קינדער; דאָס מיינט אויך אָפּרויבן ביי די קינדער דעם פאַרגעניגן פון הערן אַזעלכע וואונדערבאַר־שיינע מעשות. ווידער — געבן די קינדער די לעגענדעס אין זייער אָריגינעלער פאָרם מיינט באַאיינפלוסן די קינדער אין אַ ריכטונג, וואָס איז אונז פרעמד און אפילו דערווידער.

אָבער נאָך לאַנגן איבערטראַכטן איז ביי מיר געוואָרן קלאָר צוויי זאַכן: ערשטנס — אַז לאָזן אונזערע קינדער אינגאַנצן אָן אָט דעם טייל פון דער אידישער לעגענדע וואָלט געמיינט באַגיין אַ שווערע זינד געגן דער אידישער קולטור; צווייטנס — אַז אויב מיר האָבן זיך באַפרייט פון דער גאַנצער רעליגיעזער וועלטאַנשויאונג און פאַרלאָרן דעם יראת־הכבוד פאַר דער ביבל, ווי פאַר אַ רעליגיעזן ספר, האָבן מיר אין דערזעלבער צייט פאַרבאַהאַלטן דעם גאַנצן יראת־הכבוד פאַר דעם ספר ווי פאַר אַ קינסטלערישן ליטעראַרישן דענקמאָל; קאָנען מיר און דאַרפן די זעלבע באַציאונג אויסאַרבעטן אויך בנוגע דעם ליטעראַרישן טייל פון דער ביבל, וואָס איז צוגעגנגלאָך פאַר די קינדער. זיי הערן אויף צו זיין פאַר אונז רעליגיעזע מעשות.

וואס ליגט אין יסוד פון דער אידישער רעליגיע, און ווערן איינפאכע שיינע מעשות. פון וועלכע קינדער האבן פארגעניגן און וועלכע גיבן זיי פון צייט צו צייט נאך קולטור־היסטארישע ידיעות.

און אויב אזוי, בלייבן די מעשות פונקט אזוי ווערטפול, ווייל אינטער־רעסאנט און פארכאפנד, ווען מיר באפרייען זיי אינגאנצן פון דעם עלע־מענט פון גאט און פון איבערנאטירלאכקייט, ווי ווען זיי האבן אין זיך אט די צוויי עלעמענטן יא געהאט. די מיינונג פון אייניקע, אז די ראציאנאלי־זירונג פארביליקט די לעגענדעס, וואלט געהאט א וועלכן עס איז ווערט, ווען מען וואלט געסטארעט זיך ספעציעל צו באווייזן, אז די מעשות זיינען פאקטן און זיינען טאקע מיט אן אמת פארגעקומען, נאר פארגעקומען אויף א נאטירלאכן אופן. דאס וואלט אין דעם איצטיקן ליכט פון דער געשיכטע געווען בלויז בטל'יש, ווייל די אלע מעשות, באזונדערס פון חומש, זיינען נאך אלצדינג בלויז מעשות, וועלכע האבן אונטער זיך כמעט קיין היסטארישן אונטערשלאק נים. גאנץ אנדערש איז אבער, ווען די אלע מעשות ווערן די קינדער דערציילט בלויז אלס מעשות, פונקט אזוי, ווי עס ווערן זיי דער־ציילט א רייע אנדערע שיינע מעשות. אין דעם פאל העלפט דאס ארויס־נעמען דעם רעליגיעזן און דעם איבערנאטירלאכן עלעמענט צו פארגרעסערן און אויפצוהייבן די העלדן פון די מעשות. פריער איז דער גרעסטער העלד פון די מעשות געווען גאט, איצט זיינען דאס מענשן. פריער האבן די העלדן געהאנדלט ווי העלדן בלויז א דאנק דער הילף און דער אינספיראציע פון גאט; איצט האנדלען זיי אויף זייער אייגענער פאראנטווארטלאכקייט, לויט זייער אייגענער איניציאטיוו, א דאנק זייער אייגענער גרויסקייט אדער קליינקייט. זיי ווערן נאטירלאכער און דעריבער נאך פיל אנציענדער ווי פריער.

די אלע לעגענדעס פון חומש זיינען ביי מיר דא דעריבער אינגאנצן באפרייט געווארן סיי פון גאט, סיי פון איבערנאטירלאכן. און אויב די אדער יענע מעשה קאן נאך יא מיט אן אנשטרענגונג אויסגעטייטשט ווערן ווי אזא וואס אנטהאלט עפעס איבערנאטירלאכעס, קאן אבער דער לערער, ווען ער וויל, גאנץ פיין דערקלערן די קינדער דעם אמת'ן מיין פון דער מעשה, ווי זי איז דא איבערגעגעבן געווארן, אזוי, אז זי זאל אינגאנצן שוין פארלירן יעדן שאטן פון איבערנאטירלאכקייט. אזוי צום ביישפיל קאן דער לערער דערקלערן די שטימע, וואס משה האט דערהערט פון דארן־שטרויך,

ווי זיין, משה'ס, שטימע אַליין, די שטימע פון זיין געוויסן, וואָס האָט אים ניט געלאָזט רוען, ווען זיין פאָלק ווערט געפּלאָגט אין מצרים.

ביז איצט, ווען מ'האָט אָט די מעשׂות אָדער לעגענדעס אין אַ סך שולן יאָ דערציילט, פלעגט פון זיי ביי די קינדער פאַרבלייבן אין זכּרון געוויינלאַך זייער און זייער ווייניק. מען קאָן דאָס טיילווייז דערקלערן דער־מיט, וואָס די קינדער האָבן אָט די מעשׂות בלויז געהערט, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַט פאַר זיך קיין בוך, פון וועלכן זיי זאָלן אַליין קאָנען אַרויסלייענען אָט די מעשׂות, און אַמאָל נעמען נאָך אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט און איבערלייענען די מעשׂות.

און צוליב דעם טאַקע האָב איך אויך באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אָט די מעשׂות און לעגענדעס. אָט דאָס ביכל, דער ערשטער טייל, איז באַשטימט פאַר דעם צווייטן האַלב יאָר לערנען, ד. ה. פאַר קינדער, וואָס קאָנען שוין מער אָדער ווייניקער לייענען אידיש. מען קאָן דאָס מיט די קינדער לייענען אין קלאַס און אויף אַזאַ'ן אופן אויסנוצן עס אַלס טייל פון'ם נייטיקן לייען־מאַטעריאַל, אָדער געבן דאָס די קינדער לייענען אין דערהיים.

כּדי די קינדער זאָלן קאָנען דורכלייענען אויך די העברייאישע ווער־טער, הויפּטזעכלאַך — נעמען, האָב איך די פון זיי, וואָס האָבן אין אידיש קיין שום אַנהאַלט ניט, אָדער זיינען לויט זייער העברייאישן אויסלייג נאָענט צום אידישן, איינגאַנצן אויסגעלייגט אויף אידיש, ווי צום ביישפּיל, סיכּוין, לויט, סדום א. ד. ג. ביי די אַנדערע העברייאישע ווערטער, וואָס באַגעגענען זיך אין בוך, — נעמען ווי ניט נעמען, — האָב איך געגעבן זייער אידישע טראַנסקריפּציע מערסטנס די ערשטע צוויי מאָל, אַמאָל אויך מער, אין דער האָפענונג, אַז נאָכדעם וועט דאָס קינד קאָנען איבערלייענען דאָס העברייאישע וואָרט ריכטיק אויך אָן דער אידישער טראַנסקריפּציע.

די שפּראַך פון די מעשׂות האָב איך זיך געפּלייסט צו מאַכן אַזוי איינ־פאַך און אַזוי קורצזאַציק ווי מעגלאַך. אָבער אין דערזעלבער צייט האָב איך זיך געזען צו האַלטן אַזוי נאָענט ווי מעגלאַך צום קאָלאָריט און טאָן פון ביבלישן אָריגינאַל, וועלכער גיט צו די מעשׂות אַזוי פיל חן, און וועלכער איז אפשר דער מעשׂה־מעסיקסטער, רואיקסטער טאָן בכלל. דער פאַרשידנאַרטיק־סטער אינהאַלט פון אָט די מעשׂות און לעגענדעס האָט אָבער אַמאָל, הגם זייער זעלטן, געפאָדערט אַ שווערער אָדער לענגער וואָרט ; און אין אַזאַ

פאַל איז עס באַנוצט געוואָרן, און די לערער וועלן שוין אין אַט די זעלטענע פאַלן אַרויסהעלפן די קינדער.

אין בוך זיינען אריין זייער פיל בילדער, מערסטנס — פון די בעסטע קינסטלער. לויט אַט די בילדער קאָן דער לערער באַקאַנען די קינדער מיט די קליידער, וואוינונגען און אַנדערע זייטן פון'ם לעבן פון די נאָמאַדישע לעגענדאַרישע אורעלטערן אונזערע. אין דערזעלבער צייט קאָנען די בילדער נאַטירלאַך בכלל העלפן לעבעדיקער מאַכן פאַר די קינדער דעם אינהאַלט פון די מעשות.

מען וואָלט געקאָנט ראַטן די לערער ניט נאָר לייענען מיט די קינדער אַט די מעשות, נאָר אויך דראַמאַטיזירן זיי — לאָזן די קינדער פאַרנעמען די פלעצער פון די העלדן און לאָזן זיי פאָרשטעלן אַלצדינג אין דער ערשטער און צווייטער פערזאָן. וואָס מער די קינדער וועלן מיט זיך פערזאָניפיצירן די העלדן, אַלץ טיפער וועלן די לעצטע און זייער שפּראַך זיך איינקריצן אין זיכרון פון די קינדער און וועלן שפּעטער דינען זיי אַלס גוטער הילפסמיטל אין זייער אידישער שפּראַך און זייער גאַנצן אַרט דענקען.

עס ווערן איצט צוגעגרייט צום דרוק די ווייטערדיקע טיילן פון די „מעשות און לעגענדעס“, וועלכע דאַרפן לויט מיין מיינונג אַרומנעמען די גאַנצע לאַנגע עפּאָכע פון אַברהמ'ס געבורט און ביז דער לעצטער צייט, איינגעשלאָסן אפילו אַזעלכע מעשות, ווי גערשונים אָדער טראַצקים אַנטלויפן פון סיביר. אויב אַט די ביכלאַך וועלן דערפילן אויף אַ וועלכן עס איז אופן די באַדערפעניש אין אַזעלכע זאַמלונגען, וועל איך זיך פילן צופרידן, ווייל מיין אַרבעט וועט געפינען אַ תיקון.

איך וויל זיך דערמיט באַנוצן צו באַדאַנקען די אַלע לערער פון די אומפּאַרטייאישע שולן, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן מיט זייערע זאַכלאַכע אַנווייזונגען, און באַזונדערס — דעם חבר א. בראָמבערג פאַר זיינע זייער וויכטיקע סוגעסטיעס.

איך וועל זייער דאַנקבאַר זיין! די אַלע לערער און בכלל פאַראינטערעסירטע פערזאָנען פאַר זייער זאַכלאַכער קריטיק, וועלכע איך וועל זיכער נעמען אין אַכט ביים מאַכן די נייטיקע אויסבעסערונגען ביי די ווייטערדיקע אויפלאַגן, אויב אַזעלכע וועלן זיך נייטיקן.

**יעקב לעווין.**

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1928.

# אַ ב ר ה ם׳ ס (אַוראָהאָמס) געבורט.

דער אַלטער טעראַך האָט געוואוינט אין דער שטאָט אור, וואו איינער נימרויד איז געווען קעניג. איז בײַ טעראַכן געבאָרן געוואָרן אַ זון, אַ ב ר ה ם (אַוראָהאָם).

קומען אויף מאָרגן צו נימרוידן זײַנע שטערן־זעער און זאָגן: „מיר האָבן געזען, ווי אַ ליכטיקער שטערן איז אויפגעגאַנגען אויפ׳ן הימל און האָט אײַנגעשלונגען אַלע אַנדערע שטערן. און דאָס מיינט: בײַם אַלטן טעראַכן איז געבאָרן געוואָרן אַ זון, וועט ער צעברעכן אַלע אונזערע געטער און אײַננעמען אונזערע לענדער“.

האָט נימרויד געשיקט צו טעראַכן זאָגן אים: „נעכטן איז בײַ דיר געבאָרן געוואָרן אַ זון; גיב אים מיר אַרויס, וועל איך אים טייטן, און דיר וועל איך דערפאַר אָנשיטן אַ פולע שטוב מיט גאָלד און זילבער“.

האָט אים טעראַך געלאָזט ענטפערן: נעכטן האָט איינער געזאָגט צו מײַן פערד: לאָז זיך אָפּהאַקן דײַן קאָפּ, וועסטו דערפאַר באַקומען צען מעסטלאַך גערשטן. האָט אים דאָס פערד אויף דעם געענטפערט: דו גרויסער נאַר! אָן אַ קאָפּ — צו וואָס טויג מיר די גערשטן? און אַזוי אויך מיט מיר: אָן אַ זון — וואָס טויג מיר דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער?“

און טעראַך האָט גענומען דאָס קינד און באַהאַלטן אין אַ הײל, נימרויד זאָל עס ניט קאָנען געפינען, אויב ער וועט עס וועלן נעמען מיט גוואַלד. און ווען אַ ב ר ה ם איז אויסגעוואַקסן, און נימרויד האָט אָן אים פאַרגעסן, איז ער געקומען צוריק אין זײַן פאָטערס הויז.

2

# אַ ב ר ה ם האַנדלט מיט געטער.

דער אַלטער טעראַך פלעגט מאַכען געטער פון האָלץ און פון שטײן און זײ פאַרקויפן. אײנמאָל האָט ער געשיקט אַ ב ר ה מ׳ען אין מאַרק אַרײַן מיט דעם קאָרב געטער.

א ב ר ה ם האָט אַרויסגענומען די געטער פונ׳ם קאָרב און זײ צעשטעלט אויף דער ערד: צוערשט די גרעסערע, דערנאָך — די מיטעלע און נאָך ווײַטער — די קלענערע.

גײט פאַרבײ אַ מאַן, קומט צו צו אַ ב ר ה מ׳ען און זאָגט: „גיב מיר עפּעס אַ גרויסן, אַ שטאַרקן גאָט; אַזוי גרויס און שטאַרק, ווי איך אַלײן“.

ווײַזט אים אַ ב ר ה ם דעם גרעסטן גאָט. באַצאָלט אים דער מאַן, נעמט דעם גאָט אויפ׳ן אַקסל און וויל שוין אַוועקגײן.

האַלט אים א ב ר ה ם אָפּ און פרעגט אים: „ווי אַלט ביסטו, פעטער?“ — „איך בין פופציק יאָר אַלט.“ — ענטפערט יענער.

לאַכט פון אים אַברהם און זאָגט: „אַז אָך און ווי, ווי קלוג דו ביסט! אַליין ביסטו אַלט פופציק יאָר און ווילסט זיך בוקן צו אַ גאָט, וואָס איז ערשט נעכטן אַרויס פון אונטער דער האַק“.

נעמט דער מאַן און שלײַדערט צוריק דעם גאָט אויף דער ערד אַוועק, נעמט אָפּ זײַן געלט און גייט אַוועק.

קומט צו אַן אַלטינקע פרוי און זאָגט: „אַברהם טײַערער, גיב מיר עפּעס אַ געטל, אַ ביליקס, אַ קליינס“.

גיט איר אַברהם דאָס קלענסטע געטל און זאָגט: „דאָס איז אַקוראַט פאַר דיר: קליין און דאַר ווי דו“.

באַצאָלט אים די אַלטע די עטלאַכע פענים און וויל גיין.

שטעלט זי אַברהם אָפּ און פרעגט:

— באָבעניו, ווי אַלט ביסטו?

— אָ, אַלט, זייער אַלט! איך געדענק שוין אַליין ניט, ווי אַלט.

— איז ווי שעמסטו זיך ניט? — זאָגט אַברהם. — אַזאַ'ן אַלטע פרוי זאָל זיך בוקן פאַר אַ געטל, וואָס איז אַלט נאָר איין וואָך צײַט.

פאַרשעמט זיך די אַלטע, לייגט אַוועק דאָס געטל, נעמט אָפּ איר געלט און גייט אַוועק.

אַזוי האָט אַברהם געטאָן מיט אַלע קונדן. און אין אָוונט איז ער געקומען אַהיים און געבראַכט צוריק דעם קאָרב מיט אַלע געטער.

האָבן אַ ב ר ה מ ׳ ס ברידער געזאָגט טעראַכן:
„דער אַ ב ר ה ם טויג גאָר ניט צום האַנדלען. מען דאַרף אים מאַכן פאַר אַ גאַלאַך".

פרעגט אַ ב ר ה ם: „וואָס דאַרף אַ גאַלאַך טאָן?"

ענטפערט אים טעראַך: „אַ גאַלאַך דאַרף דערלאַנגען די געטער עסן און טרינקען און באַדינען זיי".

3

# אַ ב ר ה ם צעברעכט די געטער.

און אַ ב ר ה ם איז געוואָרן אַ גאַלאַך.

קומט אַ פרוי און ברענגט אַ שיסל מעל, אַ געשאַנק פאַר די געטער. נעמט אַ ב ר ה ם צו די שיסל מיט די מעל און שטעלט זי אַוועק אין מיטן צימער. דערנאָך נעמט ער אַ גרויסן שטעקן און צעברעכט מיט אים אַלע געטער. נאָר דעם גרעסטן פון די געטער האָט ער געלאָזן און האָט אים אין האַנט אַריינגעשטעקט דעם שטעקן.

קומט אַריין טעראַך און דערזעט — אַלע געטער ליגן צעבראָכן. צעשרייַט ער זיך אויף אַ ב ר ה מ׳ען און פרעגט מיט צאָרן:

— וואָס איז דאָ געשען? ווער האָט אַלע מייַנע געטער צעבראָכן?

ענטפערט אים אַ ב ר ה ם גאַנץ קאַלט:

— טאַטע, איך וועל דיר זאָגן, ווי דאָס איז געשען: אַ פרוי איז געקומען און האָט געבראַכט אַ שיסל מעל,

אַ געשאַנק פאַר די געטער. האָב איך זיך געפּוילט צוצו־טראָגן אַ ביסל יעדן גאָט באַזונדער. נעם איך און שטעל אַוועק די שיסל מיט די מעל אין מיטן צימער און זאָג צו די געטער: גייט אַליין, נעמט און עסט, און זאָל אײַך וואויל באַקומען. — האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קריגן: דער זאָגט — איך וויל פריער, און דער — איך פריער. איז אָט דער גרויסער אַרײַן אין גרימצאָרן, געכאַפּט אַ שטעקן און זיי אַלעמען צעבראָכן.

צעביזערט זיך טעראַך נאָך שטאַרקער:

— וואָס לײַגסטו, דו שײַגעץ אײנער! פון וועמען מאַכסטו דאָ שפּאַס? קאָנען זיי דען אַזעלכעס טאָן?

— וואָס, ניין? — ענטפערט אַבְרָהָם. — טאָ הער אַליין, טאַטע, וואָס דו רעדסט. ווי באַלד זיי קאָנען גאָר־נישט ניט טאָן, טאָ וואָס פאַר אַ געטער זײַנען זיי? וואָס האַלטסטו זיי?

איז טעראַך געוואָרן זייער בייז אויף אַ ב ר ה ם'ען און אים געוואָלט איבערגעבן אין די הענט פונ'ם קעניג, פון נימרוידן. איז אַ ב ר ה ם אַנטלאָפן פון דער שטאָט א ו ר און איז געקומען אין דעם לאַנד כאַראָן.

4

# אַברהם אין כנען (קנאַאַן).

און אין אַ צײַט אַרום האָט אַ ב ר ה ם גענומען ש ר ה'ען (סאָרען) זײַן ווײַב און זײַן ברודערס זון לויטן,

און זײַנע שאָף און רינדער, און דאָס גאַנצע גוטס זײַ־ערס, וואָס זײַ האָבן אָנגעזאַמלט אין כאָראָן, און אויך אַלע מענשן, וואָס זײַנען צוגעשטאַנען צו זײַ, און איז אַוועק צום לאַנד כ נ ע ן (קנאַאַן).



א ב ר ה ם וואַנדערט אַריבער אין לאַנד כ נ ע ן.

און זײַ זײַנען געקומען אינ׳ם לאַנד כ נ ע ן. און א ב ר ה ם האָט אויפגעשטעלט זײַנע געצעלטן און געשיקט זײַנע פּאַסטוכער פּיטערן זײַנע פי.

און אַ ב ר ה ם איז געווען רײַך אין פי, אין גאָלד און אין זילבער. און אויך לויט, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ ב ר ה ם׳ען, האָט געהאַט שאָף און רינדער און געצעלטן. האָט זײַ ביידן דער פּלאַץ ניט געקאָנט אײַנ־האַלטן, ווײַל זײער רײַכקייט איז געווען גרויס. און עס פלעגן שטענדיק פאַרקומען קריגערײַען צווישן די פּאַס־טוכער פון אַ ב ר ה ם׳ס פי און די פּאַסטוכער פון לויטס פי.

האָט אַ ב ר ה ם געזאָגט לויטן: „לאָמיר זיך ניט קריגן, און לאָזן זיך ניט קריגן מײַנע פּאַסטוכער מיט דײַ־נע; ווײַל מיר זײַנען דאָך ברידער. אָט איז דאָס גאַנצע לאַנד פאַר דיר. לאָמיר זיך צעשײדן. ווילסטו — גײ לינקס, וועל איך גײן רעכטס; און וועסטו גײן רעכטס, וועל איך גײן לינקס“.

האָט לויט אַ קוק געטאָן און דערזען דעם גאַנצן פּלאַץ בײַם טײַך י ר ד ן (יאַרדן), ערשט ער איז רײַך מיט וואַסער. האָט ער אויסגעקליבן אָט דעם פּלאַץ פאַר זיך. און זײ האָבן זיך צעשײדט. אַ ב ר ה ם איז געבליבן אינ׳ם לאַנד כ נ ע ן און באַזעצט זיך אין דער שטאָט ח ב ר ו ן (כעווראָן), און לויט איז אַוועק צו די שטעט, וואָס בײַם י ר ד ן (יאַרדן) און צעשטעלט זײַנע געצעלטן ביז דער שטאָט סדום.

5

## אַ ב ר ה ם צעשלאָגט די קעניגן.

און פיר קעניגן פון דעם לאַנד אײלאָם זײַנען געקומען און אָנגעהויבן אַ קריג מיט די קעניגן פון סדום און פון אַנדערע פיר שטעטלאַך אַרום. און זײ האָבן זיך אַלע צו־נויפגעטראָפן אין דעם טאָל בײַם געזאַלצענעם ים (ים).

האָבן די קעניגן פון אײלאָם צעשלאָגן די קעניגן פון סדום און פון די אַנדערע שטעטלאַך. און זײ האָבן צו־גענומען די גאַנצע רײַכקײַט פון די שטעט און זײער גאַנץ עסנוואַרג. און זײ האָבן צוגענומען לויטן, אַ ב ר ה ם׳ס

ברודערס זון, וואָס האָט געוואוינט אין סדום, און זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן און זײַ זײַנע אַוועק. און דער קעניג פֿון סדום איז אַנטלאָפֿן און באַהאַלטן זיך אין אַ גרוב.

איז געקומען אַ מאַן און האָט דאָס דערציילט אַ ב ר ה מ׳ען. האָט אַ ב ר ה ם דערהערט, אַז מען האָט געפֿאַנגען זײַן ברודער, האָט ער באַוואָפֿנט אַלע זײַנע הויז־מענשן, — דרײַ הונדערט מיט אַכצן, — און ער האָט אָנגעיאָגט די קעניגן פֿון אײלאָם און זײ צעשלאָגן.

און ער האָט בײַ זײ אָפּגענומען די גאַנצע גוטסערײַ. און אויך לוטן זײַן ברודער און זײַן גוטסערײַ האָט ער אָפּגענומען, און די געפֿאַנגענע פֿרויען און מענער.

און דער קעניג פֿון סדום איז אַרויס אַנטקעגן אים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פֿון שלאָגן די קע־ניגן פֿון אײלאָם; און ער האָט געזאָגט צו אַ ב ר ה מ׳ען: „גיב מיר אָפּ די מענשן און די גוטס נעם זיך דיר“.

האָט אַ ב ר ה ם געזאָגט צום קעניג פֿון סדום: „איך שווער, אויב איך וועל פֿון אַלץ, וואָס איז דײַנע, נעמען אַ פּ י ל ו (אפילו) אַ שנירל פֿון אַ שוך; דו זאָלסט דערנאָך ניט זאָגן: „דאָס האָב איך רײַך געמאַכט אַ ב ר ה מ׳ען“.

און אַ ב ר ה ם האָט צוריקגעקערט אַלצדינג דעם קעניג פֿון סדום און די קעניגן פֿון די אַנדערע שטעטלאַך. און לוט האָט זיך צוריק באַזעצט אין סדום.

# אַברהם נעמט אויף געסט.

אַ ב ר ה ם האָט זײַער ליב געהאַט אויפצונעמען געסט. ווער עס פלעגט דורכגײן פאַרבײַ זײַן געצעלט, פלעגט אים אַ ב ר ה ם אײַנלאַדן צו זיך, געבן עסן און טרינקען פון אַלעם בעסטן און אַ בעטל אויף איבער־נעכטיקן. און אויף מאָרגן פלעגט אַ ב ר ה ם נאָכגײן אַ ווײַטע שטרעקע צו באַגלייטן זײַן גאַסט.

אײנמאָל, אין אַ וואַרימען טאָג, איז אַ ב ר ה ם גע־זעסן בײַם טיר פון זײַן געצעלט. האָט ער אויפגעהויבן זײַנע אויגן און דערזעען דרײַ מענשן שטייען ניט ווײַט פון אים. איז ער זיי געלאָפן אַנטקעגן און פאַרנייגט זיך פאַר זיי און געזאָגט: „מײַנע האַרן, איך בעט אײַך: גייט ניט פאַרבײַ. נעמט אַ ביסל וואַסער, וואַשט אָפּ אײַערע פיס און שפּאַרט זיך צו דאָ אונטער'ן בוים. און איך וועל ברענגען ברויט, און איר בײַסט איבער און נאָכדעם וועט איר ווײַטער גיין“.

און אַ ב ר ה ם האָט געאײַלט אין געצעלט אַרײַן צו שׂרה'ן (סאָרען) זײַן ווײַב און ער האָט איר גע־זאָגט: „נעם שנעל מעל, פאַרמיש און מאַך קיכלאַך. און אַליין איז ער געלאָפן און צוגעגרייט פלייש, און ער האָט גענומען פּוטער און מילך און זיי דערלאַנגט. און זיי האָבן געגעסן. און ער איז געשטאַנען לעבן זיי אונ־טער'ן בוים און זיי באַדינט.

און די געסט האָבן געפרעגט: „וואו איז דײַן ווײַב שרה (סאָרע) ?“ האָט ער געזאָגט: „אָט דאָרט אין געצעלט“. האָבן זײ געזאָגט: „אין אַ יאָר אַרום וועלן מיר זיך צוריקקערן צו דיר אַהער, וועט בײַ דײַן ווײַב שרה׳ן זײַן אַ זון“.

און אַברהם און שרה זײַנען בײדע געווען זײער אַלט, און שרה האָט קײן קינדער ניט געהאַט.

און שרה האָט אונטערגעהערט אונטער׳ן טיר פון געצעלט, און זי האָט געלאַכט און געטראַכט: „נאָכדעם ווי איך בין אַזוי אַלט, וועל איך נאָך געבאָרן אַ קינד ?“

און די געסט זײַנען אױפגעשטאַנען און זײַנען אַוועק אין דער שטאָט סדום, און אַברהם איז געגאַנגען מיט זײ צו באַגלײטן זײ.

## 7

# די סדום-לײַט.

און די מענשן פון סדום זײַנען געווען שלעכטע און זינדיקע. דאָס לאַנד זײערס איז געבענשט געווען מיט אַלדאָס גוטס: מיט רײַכע, פעטע פעלדער, מיט גאָלד און זילבער, מיט דימענטן און בריליאַנטן. האָבן זײ ניט געוואוסט פון מי און פון זאָרג. האָבן זײ פאַרגעסן פון רעכט און גערעכטיקײַט און האָבן פאַרקרימט און פאַרדרײט די געזעצן.

אַז אײנער איז דאָרט געקומען אין געריכט זיך באַקלאָגן אויפ׳ן צווײטן, אַז יענער האָט אים צעבלוטיקט,

האָט אים דער ריכטער געזאָגט: זאָל דיר זײַן צו געזונט! יענער האָט דיר געלאָזט בלוט, באַצאָל אים דערפאַר פיר טאָלער.

אַ בריק איז דאָרטן געווען. דער וואָס איז אַריבער די בריק, האָט געדאַרפט באַצאָלן פיר גילדן בריק־געלט. און דער וואָס האָט אויסגעמײַדט די בריק און איז אַריבער דעם טײַך אין וואַסער, האָט געמוזט באַצאָלן אַכט גילדן.

דער וואָס האָט דאָרט פאַרמאָגט אַן אָקס, האָט געדאַרפט פיטערן די שטאָטישע טשערעדע אײן טאָג; און דער וואָס האָט קײַן אײגענעם אָקס ניט געהאַט, האָט געדאַרפט פיטערן די טשערעדע צוויי טעג.

איז אַמאָל אַן אָרימאַן אָדער אַזוי אַ גאַסט געקומען אין סדום, פלעגט אים יעדערער שענקען אַ רענדל, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן זײַן אײגענער נאָמען. נאָר קײַן ברויט האָט דעם אָרימאַן אָדער דעם גאַסט קײנער ניט געגעבן, און פון שטאָט האָט מען אים ניט אַרויסגעלאָזט, ביז ער איז דאָרטן געשטאָרבן פון הונגער. און נאָך זײַן טויט פלעגט יעדער אײנער קומען און צונעמען זײַן רענדל.

8

# אליעזר (עליעזער) אין סדום.

אַברהם האָט געהאַט אַ קנעכט אליעזר (עליעזער). איז אײנמאָל אָט דער אליעזר געקומען קײַן סדום. האָט מען אים דאָרטן צעשלאָגן ביז בלוט און אַוועקגעפירט צום ריכטער.

זאָגט דער ריכטער: „באַצאָל פיר טאָלער פאַר בלוט לאָזן“.

נעמט אליעזר אַ שטיין, צעבלוטיקט מיט דעם דעם ריכטער און זאָגט: „די פיר טאָלער, וואָס קומען מיר איצט פון דיר, באַצאָל אים פאַר מיר, און מיין געלט זאָל בלייבן ביי מיר“.

נאָך אַן איינפיר איז געווען ביי די סדומ־לייט: ווער עס האָט פאַרבעטן אַ פרעמדן גאַסט צום טיש, האָט מען ביי אים צוגענומען דעם מאַנטל.

איינמאָל קומט אליעזר אַריין אין אַ סדומער גאַסט־הויז. זעט ער — מענטשן זיצן ביי טישן ביי אַ רייכן מאָלצייט, און קיינער בעט אים ניט עסן. זעצט ער זיך אַליין אַוועק ביי אַן עק טיש לעבן אַ מאַן און זאָגט צו אים:

— אַז מען וועט מיך פרעגן, ווער עס האָט מיך גע־בעטן צום טיש, וועל איך זאָגן, אַז דו.

ווי יענער האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך דער־שראָקן, מען זאָל ביי אים ניט צונעמען דעם מאַנטל. שטייט ער אויף פון טיש, כאַפּט זיין מאַנטל און אַנט־לויפט. אַזוי האָט אליעזר אָפּגעטאָן אויך דעם צווייטן, דעם דריטן און אַזוי ווייטער, ביז זיי זיינען זיך אַלע צעלאָפן. איז אליעזר אַליין געבליבן און זיך אָנגעגעסן צו זאַט.

אַ בעטל איז געווען אין סדום פון געסט וועגן. איז דער גאַסט געווען צו לאַנג פאַר׳ן בעטל, האָט מען אים

אונטערגעהאַקט די פיס; איז ער געווען צו קורץ, האָט מען אים אויסגעצויגן.

איינמאָל איז אליעזר געקומען אין סדום; ווײַזט מען אים דאָס בעטל, ער זאָל זיך דאָרטן לייגן שלאָפן. זאָגט אליעזר: „זינט מײַן מוטער איז געשטאָרבן, האָב איך געגעבן אַ וואָרט, איך זאָל קיינמאָל מער אויף אַ בעט ניט שלאָפן“.

9

## די גרויזאַמקײַט פון די סדום־לײַט.

איינע אַ מיידל האָט אַמאָל אין סדום דערלאַנגט אַן אָרימאַן אַ שטיקל ברויט. אין דרײַ טעג אַרום האָבן די סדום־לײַט דערזען, אַז דער אָרימאַן איז ניט אויסגעגאַנגען פון הונגער. האָבן זיי אָנגעהויבן נאָכזוכן און דערגאַנגען, ווער ס'האָט אים דערהאַלטן בײַם לעבן.

האָבן זיי גענומען דאָס מיידל, אויסגעשמירט זי מיט האָניק און אַוועקגעלייגט אַ געבונדענע אויפ'ן דאַך. זײַנען געקומען בינען און האָבן זי צעביסן אויף טויט.

---

צוויי מיידלאַך, גוטע פרײַנט, האָבן זיך דאָרט אַמאָל באַגעגנט מיט זייערע קרוגן בײַם ברונעם.

— וואָס זעסטו עפּעס אַזוי שלעכט אויס? — האָט איינע געפרעגט די אַנדערע.

— נישטאָ קיין ברעקל ברויט אין שטוב; — האָט די צווייטע געענטפערט; — מיר גייען אויס פאַר הונגער.

— קום שפּעטער נאָך אַמאָל צום ברונעם, — האָט די ערשטע געזאָגט, — און ס'וועט שוין זײַן גוט.

שפּעטער זײַנען ווידער בײדע געקומען צום ברונעם. די ערשטע איז געקומען מיט אַ קרוג מעל, די אַנדערע מיט אַ ליידיקן קרוג. און דאָ בײַם ברונעם האָבן זײ זיך צעביטן מיט די קרוגן.

אַז די סדום־לײַט האָבן זיך דערפֿון דערוואוסט, האָבן זײ געכאַפּט די גוטע מײדל און זי פֿאַרברענט.

און פֿאַר אַזעלכע טאַטן האָט די ערד שוין מער ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן די שטאָט סדום און אויך די אַנדערע שטעטלאַך אַרום, וואו די מענשן זײַנען געווען פּונקט אַזוי שלעכט, ווי אין סדום.

## 10

# דער אונטערגאַנג פֿון סדום.

און צוויי מענשן זײַנען געקומען אָוונט־צײַט קײַן סדום. און לוט איז געזעסן אין טויער פֿון שטאָט. האָט ער דערזען די צוויי מענשן, איז ער אויפֿגעשטאַנען אַנט־קעגן זײ, פֿאַרנייגט זיך און געזאָגט: „קומט, מײַנע האַרן, אַרײַן צו מיר אין הויז, וואַשט זיך אָפּ די פֿיס, נעכטיקט בײַ מיר איבער, און מאָרגן פֿרי וועט איר זיך גיין אײַער וועג".

האָבן זײ געזאָגט: „ניין, מיר וועלן בעסער נעכטיקן אין דרויסן".

האָט לוט זײ שטאַרק געבעטן; זײַנען זײ אַרײַן צו אים אין הויז, און ער האָט פֿאַר זײ געמאַכט אַ מאָלצײַט. האָבן זײ געגעסן.

און נאָך איידער זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפן, זיינען אַלע איינוואוינער פון סדום — יונג און אַלט — געקומען, אַרומגערינגלט דאָס הויז און געפרעגט לוטן: „זאָג אונז, וואו זיינען די מענשן, וואָס זיינען צו דיר געקומען היינט אָוונט; גיב זיי אונז אַהער, ווען מיר שוין וויסן, וואָס מיט זיי צו טאָן“.

איז לוט אַרויס פון הויז, פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר און געזאָגט צו די סדום־לייט: „ברידער, טוט ניט קיין שלעכטס צו די צוויי מענשן, ווייל זיי זיינען דאָך פאַר־גאַנגען צו מיר אין הויז“.

האָבן די סדום־לייט געזאָגט: „אַוועק פון דאַנען! ביסט געקומען אַהער אַ פרעמדער און דו ווערסט דאָ אַ גאַנצער איינזאָגער. מיר וועלן איצט דיר נאָך מער שלעכטס טאָן ווי זיי“. — און זיי האָבן זיך גענומען ברעכן די טיר.

האָבן די צוויי געסט אויסגעשטרעקט זייער האַנט, אַריינגענומען לוטן אין הויז אַריין און פאַרשפאַרט די טיר. און די סדום־לייט האָבן געקלאַפט און געקלאַפט אין טיר, ביז זיי זיינען מיד געוואָרן.

און די געסט האָבן געזאָגט לוטן: „ווען האָסטו דאָ נאָך אין שטאָט: איידימס, זין אָדער טעכטער. נעם זיי אַלעמען און אַלץ, וואָס דו פאַרמאָגסט אין שטאָט, און גיי אַוועק פון דעם אָרט; ווייל דאָס אָרט וועט זיך איבער־קערן“.

איז לויט געגאַנגען צו זײַנע איידימס און זיי געזאָגט: „קומט, לאָמיר אַוועק פון דעם אָרט, ווײַל עס וועט זיך איבערקערן". האָבן יענע געמיינט, אַז ער לאַכט פון זיי, און אים ניט געגלויבט.

און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן די צוויי געסט אונטערגעטריבן לויטן און געזאָגט: „נעם גלײַך דײַן ווײַב און דײַנע צוויי טעכטער און גייט אַרויס. איר זאָלט ניט אומקומען צוזאַמען מיט דער שטאָט".

און ווען לויט האָט זיך פאַרזאַמט, האָבן די צוויי מענשן אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און אויך זײַן ווײַב און זײַנע צוויי טעכטער און אַרויסגעפירט זיי פון שטאָט. און זיי האָבן געזאָגט: „לויפט שנעל אַוועק. איר זאָלט זיך ניט אָפּשטעלן און ניט אַרומקוקן אַהינטער, איר זאָלט ניט אומקומען".

און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז לויט אָנגעקומען אין אַ דערבײַאיק שטעטל.

און איבער סדום האָט אַ גאָט געטאָן אַ שלאָגס רעגן מיט שוועבל און פײַער, און די שטעט און דער גאַנצער פּלאַץ אַרום זיי האָבן זיך איבערגעקערט, און אַלע אײַנוואוינער זײַנען אומגעקומען. און לויטס ווײַב האָט אַ קוק געטאָן אַהינטער, איז זי פאַרציטערט געוואָרן און געוואָרן ווי אַ שטיק זאַלץ.



לויט מיט די טעכטער אנטלויפן פון סדוים.

און לויט האָט זיך געשראָקן צו פאַרבלײַבן אין דעם שטעטל, איז ער אַוועק אין די בערג, און באַזעצט זיך דאָרט אין אַ הײל צוזאַמען מיט זײַנע צוויי טעכטער.

## 11

# אַברהם פאַרטרײַבט ישמעאל׳ן (אישמאָעלן)

און שרה האָט געבאָרן אַברהמ׳ען אַ זון אויף דער עלטער. און אַברהם האָט אַ נאָמען געגעבן זײַן זון יצחק (איצכאָק). און אַברהם איז אַלט געווען הונדערט יאָר, ווען יצחק (איצכאָק) איז געבאָרן געוואָרן. און ווען דאָס קינד איז גרעסער געוואָרן, האָט אַברהם געמאַכט אַ גרויסן מאָלצײַט.

אײַנמאָל האָט שרה דערזען, ווי ישמעאל (איש־

מאָעל) אַ ב ר ה מ ׳ ס זון, וואָס זײַן צווייטע ווײַב האָגאָר, ש ר ה ׳ ס דינסט, האָט אים געבאָרן, שפּילט זיך און שלאָגט זיך מיט י צ ח ק ׳ן. האָט ש ר ה געזאָגט צו אַ ב ר ה מ ׳ען: טרײַב אַרויס אָט די דינסט מיט איר זון; ווײַל איך וויל ניט, דער זון פון דער דינסט זאָל בלײַבן צוזאַמען מיט מײַן זון, מיט י צ ח ק ׳ן.

איז דאָס אַ ב ר ה מ ׳ען שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן. עס האָט אים פאַרדראָסן אויף זײַן קינד. דאָך איז ער אויפגעשטאַנען אויף מאָרגן גאַנץ פרי, גענומען אַ לעבל ברויט און אַ לאָגל וואַסער און געגעבן האָגאָרן. ער האָט עס איר אַרויפגעלייגט אויפ׳ן רוקן און אַוועקגעשיקט זי מיט איר אינגל. איז זי געגאַנגען און אומגעוואַנדערט אין דער וויסטעניש.

און אַז ס׳איז אויסגעגאַנגען דאָס וואַסער פונ׳ם לאָגל, האָט האָגאָר אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויף דער ערד און האָט זיך אַליין אַוועקגעזעצט און געוויינט.



האָגאָר זיצט ביי איר קינד און וויינט.

און זי האָט אַ קוק געטאָן און דערזען פון דער ווײַטן אַ ברונעם וואַסער; איז זי געגאַנגען און אָנגענומען אַ פולן לאָגל מיט וואַסער און אָנגעטרונקען דאָס קינד.

און דער אינגל איז צו זיך געקומען. און ער איז אויס־געוואַקסן און געבליבן אין דער וויסטעניש און איז גע־וואָרן אַ יעגער, אַ בויגן־שיסער.

12

## שרה׳ס טויט.

און שרה האָט אָפּגעלעבט הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק יאָר און איז געשטאָרבן אין דער שטאָט חברון (כעוורוין). האָט אַברהם געקלאָגט אויף שרה׳ן און באַוויינט זי.

און ער איז אויפגעשטאַנען און האָט גערעדט צו די אײַנוואוינער פון חברון (כעוורוין): „איך בין בײַ אײַך אַ נײַער אײַנוואוינער; גיט מיר אַן אָרט בײַ אײַך, וואו איך זאָל קאָנען באַערדיקן מײַן טויטן". זאָגן די אײַנוואוי־נער פון חברון: „דו ביסט אַ פירשט צווישן אונז; קלײַב זיך אויס די בעסטע הייל און באַגראָב דײַן טויטן; קיינער וועט דיר נישט אָפּזאָגן צו באַגראָבן דײַן טויטן אין זײַן הייל".

האָט זיך אַברהם פאַרנייגט פאַר זײַנע לאַנדס־לײַט און געזאָגט: „אויב איר ווילט, איך זאָל האָבן וואו צו באַערדיקן מײַן טויטן, בעט פאַר מיר בײַ עפרוין, דעם זון פון צויהאַר, ער זאָל מיר פאַר גוט געלט פאַרקויפן

זײַן צווייגאָרנדיקע הײל, די וואָס איז עק פון זײַן פעלד".

און עפרוין איז געשטאַנען דערבײַ צווישן די אײַנוואוי־נער פון חברון. זאָגט ער צו אַברהמ'ען: „הער צו, מײַן האַר! דאָס פעלד מיט דער הײל גיב איך דיר דאָ אַוועק פאַר אַלעמען אין די אויגן. גיי און באַגראָב דאָרט דײַן טויטן".

האָט אַברהם זיך פאַרנייגט און געזאָגט: „איך וועל דיר באַצאָלן דאָס געלט פאַר'ן פעלד, און דו נעם דאָס געלט און לאָז מיך באַערדיקן מײַן טויטן".

האָט עפרוין געזאָגט: „הער מיך אויס, מײַן האַר! אַ לאַנד פון פיר הונדערט טאָלער — וואָס באַטרעפט עס צווישן מיר און דיר? און דײַן טויטן באַגראָב".

ווען אַברהם האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָפּ־געוואויגן עפרוינען פיר הונדערט טאָלער, און עפרוינס פעלד און די הײל, וואָס אין אים, און אַלע ביימער וואָס אין פעלד, זײַנען אַריבער צו אַברהמ'ען אַלס זײַן אייגנס. און אַברהם האָט באַערדיקט שרה'ן אין דער הײל, וואָס בײַ חברון.

13

## אליעזר ברענגט רבקה'ן פאַר יצחק'ן.

און אַברהם איז אַלט געוואָרן. האָט ער גערופן דעם עלטסטן פון זײַן הויז, אליעזר'ן, און אים גע־זאָגט: „שווער מיר, אַז דו וועסט ניט נעמען פאַר מײַן זון

י צ ח ק ׳ ן אַ ווײַב פון די טעכטער פון לאַנד, צווישן וועלכע איך וואוין; נאָר אַז דו וועסט גײן אין מײַן געבורטס־לאַנד און פון דאָרט נעמען אַ פרוי פאַר מײַן זון״.

האָט א ל י ע ז ר אים אויף דעם צוגעשוואָרן.

און א ל י ע ז ר האָט גענומען צען פון זײַן האַרס קעמלען און פיל פון זײַן האַרס גוטסערײַ און זיך אַוועקגעלאָזן אין דער שטאָט, פון וואַנען אַ ב ר ה ם איז געקומען. און דאָרטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט בײַם ברונעם אין אָוונט, ווען די מײדלאַך גײען אַרויס שעפּן וואַסער. און ער האָט געטראַכט: „אָט שטײ איך בײַם קוואַל, און די מײדלאַך קומען שעפּן וואַסער. די מײדל, וואָס איך וועל בײַ איר בעטן אַ טרונק, און זי וועט מיר זאָגן: טרינק, און איך וועל אויך דײַנע קעמלען אָנטרינקען — אָט די מײדל איז גוט געניג און איז באַשערט פאַר יצחק׳ן פאַר אַ ווײַב״.

און ווי ער טראַכט אַזוי, ערשט עס קומט צו צום ברונעם ר ב ק ה (ריווקע), די טאָכטער פון בסועלן, אַ ב ר ה מ ׳ ס ברודערס אַ זון, מיט איר קרוג אויפ׳ן אַקסל. און זי איז אַראָפּ צום קוואַל און אָנגעשעפּט וואַסער. איז א ל י ע ז ר געלאָפן איר אַנטקעגן און געזאָגט: „גיב מיר אַ טרונק טאָן וואַסער פון דײַן קרוג״.

האָט ר ב ק ה געשווינט אַראָפּגענומען דעם קרוג פון אַקסל און געגעבן א ל י ע ז ר ׳ ן טרינקען. און ווען ער האָט זיך אָנגעטרונקען, האָט זי געזאָגט: „איך וועל



רבקה גיט אַ טרונק אליעזר'ן.

אויך אָנשעפּן פאַר דייַנע קעמלען און זאָלן זיי טרינקען".
און זי איז געלאָפן צום ברונעם, אָנגעשעפּט און אויסגע־
גאָסן אין קאָרעטע איינמאָל און נאָך אַמאָל, ביז זי האָט
אָנגעטרונקען אַלע זייַנע קעמלען.

און אליעזר איז געשטאַנען און געוואונדערט
זיך: צי האָט עס אים טאַקע אַזוי שנעל באַגליקט אין

זײַן װעג? און ער האָט אַרױסגענומען אַ גאָלדענעם נאָז־באַנד און צװײ אָרעם־בענדער און האָט זײ אָנגעטאָן דער מײדל, און ער האָט זי געפרעגט: „װעמעס טאָכטער ביסטו? און איז אין דײַן פאָטערס הױז פאַראַן אַן אָרט אױף איבערצונעכטיקן?"

האָט די מײדל געענטפערט: „איך בין רבקה, די טאָכטער פון בסועלן. מיר האָבן גענוג שטרױ און עסן פאַר די קעמלען און אַן אָרט אױף איבערצונעכטיקן".

און זי איז געלאָפן אין איר מוטערס הױז און דער־צײלט, װאָס עס איז פאָרגעקומען. און רבקה האָט געהאַט אַ ברודער לבנ׳ען (לאָװאָנען). װען ער, לבן (לאָװאָן), האָט דערזען די אָרעם־בענדער אױף די הענט פון זײַן שװעסטער, איז ער געלאָפן צום קװאַל און גע־זאָגט צו אליעזר׳ן: „װאָס שטײסטו דאָ אין דרױסן? קום צו אונז; איך האָב צוגעקליבן דאָס הױז און אױך געמאַכט אַ פּלאַץ פאַר די קעמלען; אױך װאַסער האָב איך אָנגעגרײט צו װאַשן דײַנע פיס און די פיס פון די מענשן, װאָס מיט דיר".

איז אליעזר געקומען אין בסועלס הױז. און װען מען האָט אים דערלאַנגט עסן, האָט ער געזאָגט: „איך װעל ניט עסן, ביז איך װעל זיך מיט אײַך דורכרײדן". — און ער האָט זײ אַלץ דערצײלט, נאָך װאָס ער איז געקו־מען, און װי ער האָט באַגעגנט רבקה׳ן.

האָבן לבן און בסועל זיך אָנגערופן: „מיר קענען דיר גאָרנישט ניט זאָגן געגן; דאָס איז קענטיק אַ באַ־

שערטע זאַך. אָט איז ר ב ק ה, נעם זי און גיי, און זאָל זי זיין אַ פרוי פאַר דיין האַרס זון".

האָט זיך אליעזר טיף פאַרנייגט, און ער האָט אַרויסגענומען זילבערנע און גאָלדענע זאַכן און געשענקט



אליעזר שענקט זאַכן ר ב ק ה'ן און איר ברודער.

ר ב ק ה ' ן, און אויך איר ברודער און איר מוטער האָט ער געשענקט זאַכן. און זיי האָבן אַלע געגעסן און גע־טרונקען.

און אויף מאָרגן אין דער פרי האָט אליעזר גע־זאָגט: „פאַרהאַלט מיך ניט, לאָזט מיך אָפּ, און איך וועל גיין צו מיין האַר". זאָגט ל ב ן און זיין מוטער: „לאָמיר רופן ר ב ק ה ' ן און פרעגן זי אַליין".

האָט מען גערופן ר ב ק ה ' ן און זי געפרעגט, צי זי וויל גיין. האָט זי געזאָגט, אַז יאָ, זי וויל גיין.

האָבן זיי אָפּגעלאָזט ר ב ק ה ' ן און זי געבענשט.

און רבקה מיט איר דינסט האָבן זיך אויפגעזעצט אויף די קעמלען, און זיי האָבן זיך אַלע געלאָזט צו דעם אָרט, וואו אברהם האָט געוואוינט.

און יצחק איז אָוונט־צײַט אַרויס אין פעלד שפּאַ־צירן. און רבקה האָט אַ קוק געטאָן און דערזען יצחק'ן פון ווײַטן. פרעגט זי אליעזר'ן: „ווער איז עס יענער מאַן, וואָס גייט אונז אַנטקעגן דאָרט אין פעלד?“ — זאָגט אליעזר: „דאָס איז מײַן יונגער האַר“. — האָט רבקה גענומען איר דעקטוך און זיך פאַרדעקט.



רבקה באַגעגנט יצחק'ן.

און אליעזר האָט דערציילט יצחק'ן אַלץ, וואָס מיט אים האָט געטראָפן. און יצחק האָט גענומען רבקה'ן און אַרײַנגעבראַכט זי אין דעם געצעלט פון שרה זײַן מוטער, און [illegible] איז געוואָרן [illegible] און ער

האָט זי ליב געהאַט, און ער האָט זיך געטרייסט נאָך זײַן מוטער.



י צ ח ק שטעלט פֿאָר ר ב ק ה׳ן פֿאַר אַ ב ר ה מ׳ען.

און אַ ב ר ה ם האָט געלעבט הונדערט מיט פֿינף און זיבעציק יאָר און איז געשטאָרבן. און י צ ח ק און י ש מ ע א ל זײַנע זין האָבן אים באַערדיקט אין דער זעלבער הייל, וואו ער האָט באַערדיקט ש ר ה׳ן.

## 14

# יעקב (יאַנקיף) און עשו (איִיסאָוו).

און ר ב ק ה האָט געבאָרן צוויי זין — אַ צווילינג: ע ש ו׳ן (אייסאָוון) און י ע ק ב׳ן (יאַנקיפֿן). און י צ ח ק איז אַלט געווען זעכציק יאָר, ווען ר ב ק ה האָט זיי געבאָרן.

ווען די קינדער זײַנען אויסגעוואַקסן, איז ע ש ו גע־וואָרן אַ יעגער, און י ע ק ב איז געזעסן אין געצעלטן און געפּיטערט שאָף. האָט י צ ח ק מער ליב געהאַט ע ש ו׳ן און ר ב ק ה — י ע ק ב׳ן.

אײנמאָל, אין דעם טאָג װען אַ ב ר ה ם איז געשטאָרבן, האָט י ע ק ב אָפּגעקאָכט אַ געקעכטס פֿון לינזן. און ע ש ו איז געקומען פֿון פֿעלד פֿון געיעג אַ מידער. זאָגט ער צו י ע ק ב ׳ ן: „גיב מיר אָנזופּן זיך פֿון אָט דעם רויטן געקעכטס, װײַל איך בין מיד“.

זאָגט אים י ע ק ב: „פֿאַרקויף מיר דײַן עלטערשאַפֿט, װעל איך דיר געבן פֿון דעם געקעכטס“.

זאָגט ע ש ו: „צו װאָס טויג מיר די עלטערשאַפֿט? איך װעל נאָך דורך איר שטאַרבן“. און ער האָט י ע ק ב ׳ ן פֿאַרקױפֿט די עלטערשאַפֿט, און י ע ק ב האָט אים דערפֿאַר געגעבן ברױט און אַ טאָפּ לינזן.



יעקב גיט עשו׳ן ברויט און אַ טאָפּ לינזן.

15

# יצחק בענשט יעקב׳ן.

אַז יצחק איז אַלט געוואָרן, איז ער געוואָרן בלינד. האָט ער צוגערופן עשו׳ן, זײַן עלטסטן זון, און אים געזאָגט: „איך בין שוין אַלט; נעם דײַן פײַל און בויגן, גײ אַרויס אין פעלד, פאַנג מיר עפּעס ווילדס און מאַך מיר אַ געשמאַק געריכט, ווי איך האָב ליב, און ברענג עס מיר; וועל איך עס עסן און וועל דיך בענשן פאַר מײַן טויט“.

און רבקה האָט געהערט, ווי יצחק רעדט צו עשו׳ן. זאָגט זי צו יעקב׳ן: „איך האָב געהערט, ווי דײַן פאָטער זאָגט עשו׳ן, ער זאָל גײן און פאַנגען עפּעס און מאַכן אַ געשמאַק געריכט, דער פאָטער זאָל עסן און זאָל אים בענשן פאַר זײַן טויט. איצט פאָלג מיך: גײ ברענג צוויי גוטע ציגעלאַך; איך וועל מאַכן אַ געשמאַק געריכט, ווי דײַן פאָטער האָט ליב. און דו וועסט עס ברענגען דײַן פאָטער, וועט ער עסן און וועט דיך בענשן פאַר זײַן טויט“.

זאָגט יעקב צו זײַן מוטער: אָבער עשו מײַן ברודער איז דאָך אַ האָריקער און איך בין אַ גלאַטער. און אויב דער טאַטע וועט מיך אָ טאַפּ טאָן, וועל איך אויסזען אין זײַנע אויגן ווי אַן אָפּנאַרער, און ער וועט מיך ניט בענשן, נאָר שילטן.

זאָגט אים רבקה: „וואָס אַרט דיך, פאָלג מיך“. איז יעקב געגאַנגען און געבראַכט צוויי ציגעלאַך, און

ר ב ק ה  האָט צוגעגרייט אַ געשמאַק געריכט. און זי האָט גענומען  ע ש ו ׳ ס  שיינע קליידער, וואָס זיינען געלעגן ביי איר, און אָנגעטאָן זיי  י ע ק ב ׳ ן.  און מיט די פעלכ־לאַך פון די ציגעלאַך האָט זי אַרומגעוויקלט  י ע ק ב ׳ ס הענט און זיין גלאַטן האַלז.

און  י ע ק ב  האָט גענומען דאָס עסן און איז אַוועק צו זיין פאָטער  י צ ח ק.  און ער האָט געזאָגט: „פאָטער, זיי אַזוי גוט, שטיי אויף, עס פון דעם, וואָס איך האָב דיר געבראַכט“. פרעגט  י צ ח ק:  „ווער ביסטו, מיין זון?“ זאָגט  י ע ק ב:  „איך בין דיין עלטערער זון  ע ש ו“. זאָגט  י צ ח ק:  „קום צו צו מיר, וועל איך דיך אַ טאַפּ טאָן, צי דו ביסט טאַקע  ע ש ו  מיין זון“.

איז  י ע ק ב  צוגעגאַנגען, און  י צ ח ק  האָט אים אַרומגעטאַפּט און געזאָגט: „די שטימע איז ווי י ע ק ב׳ס, און די הענט זיינען ווי ע ש ו׳ס. קום, דערלאַנג מיר עסן, און איך וועל דיך בענטשן“.

האָט  י ע ק ב  דערלאַנגט דעם פאָטער דאָס עסן, און אויך וויין האָט ער אים געגעבן. האָט  י צ ח ק  גע־געסן און געטרונקען, און ער האָט געזאָגט: „קום צו צו מיר און טו מיך אַ קוש“. איז  י ע ק ב  צוגעגאַנגען און אַ קוש געטאָן דעם פאָטער. און  י צ ח ק  האָט אַ שמעק געטאָן  י ע ק ב׳ס קליידער, און ער האָט גע־זאָגט: „זע, דער גערוך פון דיינע קליידער איז ווי דער

גערוך פון פעלד". און ער האָט אים געבענשט און געזאָגט:



יצחק בענשט יעקבן.

„זאָלסט האָבן פון טוי פון הימל
„און פון דער פעטקייט פון דער ערד
„און פיל ברויט און בוימל.
„פעלקער זאָלן דיך דינען
„און זיך בוקן צו דיר.

„זײַ דער איבערהאַר איבער דײַנע ברידער.
„דער װאָס װעט דיך שילטן,
„זאָל זײַן פֿאַרשאָלטן,
„און דער װאָס װעט דיך בענשן,
„זאָל זײַן געבענשט.“

װען י צ ח ק האָט געענדיקט בענשן י ע ק ב ׳ן, און י ע ק ב איז אַרויס פֿון זײַן פֿאָטער, ערשט ע ש ו קומט אָן. ער האָט געפֿאַנגען עפּעס אַ װילדס און גע־מאַכט אַ געשמאַק געריכט און האָט עס איצט געבראַכט זײַן פֿאָטער י צ ח ק ׳ן. און ער האָט געזאָגט: „טאַטע, שטײ אויף, עס, װאָס איך האָב דיר געבראַכט, און בענש מיך“.

זאָגט אים י צ ח ק: „און װער ביסטו?“ — זאָגט ע ש ו: „איך בין דײַן עלטערער זון ע ש ו“.

איז י צ ח ק פֿאַרציטערט געװאָרן און האָט געזאָגט: „װער זשע איז דאָ ערשט געװען, מיר געבראַכט צו עסן, און איך האָב געגעסן, אײדער דו ביסט אַרײַן אַהער, און איך האָב אים געבענשט? דאָס איז קענטיק דײַן ברודער געקומען און מיט פֿאַלשקײַט צוגענומען דײַן בענשונג. נאָר זאָל ער זײַן געבענשט“.

װען ע ש ו האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבן הויך און ביטער צו װײנען און צו שרײַען. און ער האָט געזאָגט: „אָט איז שוין דאָס צװײטע מאָל, אַז ער נאַרט מיך אויס: ער האָט צוגענומען מײַן עלטערשאַפֿט און

איצט האָט ער אויך צוגענומען מײַן בענשונג. אָבער עפּעס אַ בענשונג איז דאָך נאָך בײַ דיר פאַרבליבן, פאָטער! בענש מיך אויך".

און י צ ח ק האָט אים געזאָגט: „איך האָב י ע ק ב ׳ן געמאַכט פאַר דײַן איבערהאַר, און זײַנע ברידער האָב איך אים אָפּגעגעבן פאַר קנעכט, און מיט ברויט און בוימל האָב איך אים פאַרזאָרגט. און דו — זאָלסט לעבן אויף דײַן שווערד. און ווען דו וועסט דינען דײַן ברודער און דיר וועט ווערן שווער, זאָלסטו אַראָפּוואַרפן זײַן יאָך פון דײַן האַלז. און דו זאָלסט אויך געניסן פון די פעטקײַטן פון דער ערד און פונ׳ם טוי פון הימל".

האָט ע ש ו פײַנט באַקומען י ע ק ב ׳ן, און ער האָט געזאָגט: „זאָל נאָר מײַן פאָטער שטאַרבן, וועל איך טײטן י ע ק ב ׳ן". האָט מען איבערגעגעבן ר ב ק ה ׳ן, וואָס ע ש ו האָט געזאָגט. האָט זי געשיקט און גערופן י ע ק ב ׳ן און אים געזאָגט: „ע ש ו דײַן ברודער וויל דיך טײטן. פאָלג מיך דעריבער, מײַן זון, אַנטלויף צו מײַן ברודער ל ב נ׳ען; פאַרבלײַב דאָרט, ביז ס׳וועט אָפּגײן דער צאָרן פון דײַן ברודער, און ער וועט פאַרגעסן, וואָס דו האָסט אים געטאָן. וועל איך דעמאָלט נאָך דיר שיקן און אָפּנעמען פון דאָרט. פאַרוואָס זאָל איך אײַך ביידן פאַרלירן אין איין טאָג?"

האָט ר ב ק ה געזאָגט י צ ח ק ׳ן: דאָס לעבן איז מיר שוין דערעסן צוליב די טעכטער פון דעם לאַנד.

אויב י ע ק ב נעמט זיך אַ פרוי פון די טעכטער פון דעם לאַנד, אַזוי ווי ע ש ו, צו וואָס טויג מיר דאָס לעבן ?“

האָט י צ ח ק גערופן י ע ק ב ׳ן, האָט אים געבענשט און געזאָגט: „זאָלסט ניט נעמען זיך קיין ווייב פון די טעכטער פון דעם לאַנד. גיי אין דעם הויז פון דיין מוטערס פאָטער און נעם דיר דאָרט אַ פרוי פון די טעכטער פון ל ב נ׳ען, דיין מוטער׳ס ברודער“.

16

# יעקב אין כאָראָן.

איז י ע ק ב אַרויס פון בעאֵיר שעוואַ, דעם פּלאַץ, וואו זיין פאָטער האָט געוואוינט, און איז אַוועק קיין כאָראָן. און אין עטלאַכע טעג אַרום האָט ער דערזען אין פעלד אַ ברונעם. און אַרום ברונעם ליגן טשערעדעס שאָף, און אַ גרויסער שטיין ליגט אויפ׳ן ברונעם.

פרעגט י ע ק ב ביי די פּאַסטוכער פון די שאָף: „ברידער, פון וואַנען זייט איר ?“ — זאָגן זיי: „מיר זיינען פון כאָראָן“. — פרעגט ער זיי: „קענט איר דאָרט איינעם ל ב נ׳ען ?“ — זאָגן זיי: „געוויס קאָנען מיר אים.“ — פרעגט ער זיי: „און וואָס מאַכט ער ?“ — זאָגן זיי: „ער איז געזונט, און זיין טאָכטער ר ח ל (ראָכל) קומט באַלד אָן מיט זיינע שאָף.“ — זאָגט י ע ק ב: „דער טאָג איז דאָך נאָך גרויס; עס איז נאָך ניט צייט צו פאַרטרייבן די

שעפּסן. טרינקט זײַ אָן און גײט װײַטער פּיטערן זײַ." — ענטפערן די פּאַסטוכער: „מיר קענען דאָס ניט טאָן; װען אַלע טשערעדעס װעלען זיך צונויפקומען, און אַלע פּאַסטוכער צוזאַמען װעלן אַראָפּקײַקלען דעם שטײן פון ברונעם, װעלן מיר דעמאָלט אָנטרינקען די שאָף".

װי זײַ רעדן אַזוי, ערשט ר ח ל (ראָכל) קומט אָן מיט איר פאָטערס שעפּסן, װאָס זי האָט געפּיטערט. װי י ע ק ב האָט זי דערזען, איז ער צוגעגאַנגען, אַראָפּגעקײַקלט דעם שטײן פון'ם ברונעם און האָט אָנגעטרונקען זײַן פעטערס שאָף. און ער האָט אַ קוש געטאָן ר ח ל'ען און איר דערצײלט, אַז ער איז אירער אַ שװעסטערקינד, איר מו־מע ר ב ק ה'ס אַ זון. איז ר ח ל געלאָפן און דער־צײלט דאָס איר פאָטער.

װי ל ב ן האָט דערהערט, אַז עס איז געקומען זײַן שװעסטער ר ב ק ה'ס אַ זון, איז ער אים געלאָפן אַנט־קעגן, געקושט אים און געבראַכט אים צו זיך אַהײם. און י ע ק ב האָט דערצײלט ל ב נ'ען, װאָס עס הערט זיך בײַ זײַ אין דער הײם. האָט ל ב ן געזאָגט: „דו ביסט דאָך מײַנער אַן אײגענער, װעסטו פאַרבלײַבן בײַ מיר".

און אין אַ מאָנאַט אַרום האָט ל ב ן געזאָגט י ע ק ב'ן: „צי װײַל דו ביסט מײַנער אַן אײגענער, װעסטו אויף מיר אַרבעטן אומזיסט? זאָג מיר, װאָס זאָל איך דיר באַצאָלן".



לבן פרעגט: „וואָס זאָל איך דיר באַצאָלן?“

און ביי לבנ׳ען זיינען געווען צוויי טעכטער: די על־טערע לאה (לייע) און די אינגערע רחל. ביי לאה׳ן (לייען) זיינען די אויגן געווען שוואַכע, און רחל איז גע־ווען אַ שיינע און אַ פיינע. און יעקב האָט ליב באַקומען רחל׳ען. זאָגט יעקב: „איך וועל ביי דיר אַר־בעטן זיבן יאָר פאַר דיין טאָכטער רחל“. — זאָגט לבן: איך וועל זי זיכער בעסער אָפּגעבן דיר, איידער אַן אַנ־דערן. בלייב ביי מיר“.

און יעקב האָט אָפּגעאַרבעט פאַר רחל׳ען זיבן יאָר, און זיי האָבן אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי זיבן טעג, ווייל ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט רחל׳ען. און ווען די זיבן יאָר זיינען אַריבער, האָט יעקב גע־

זאָגט לבנ׳ען: „גיב מיר מײַן װײַב״. האָט לבן געמאַכט אַ מאָלצײַט און אײַנגעלאַדן אַלע אײַנװאױנער פֿון דעם פּלאַץ. און ער האָט גענומען זײַן טאָכטער לאה און גע־בראַכט זי צו יעקב׳ן. זאָגט יעקב: „װאָס האָסטו עס געטאָן? איך האָב דאָך געאַרבעט בײַ דיר פֿאַר רחל׳ען, און דו האָסט מיר גאָר געבראַכט לאה׳ן״. האָט לבן גע־זאָגט: „בײַ אונז פֿירט זיך ניט אױסצוגעבן די אינגערע שװעסטער פֿאַר דער עלטערער. אױב דו װילסט, לאָז אַריבער די װאָך, װעל איך דיר אױך געבן רחל׳ען פֿאַר אַ װײַב פֿאַר דער אַרבעט, װאָס דו װעסט פֿאַר איר אַרבעטן נאָך זיבן יאָר״.

האָט יעקב אַזױ געטאָן. און ער איז געבליבן אַר־בעטן פֿאַר רחל׳ען נאָך זיבן יאָר, און ער האָט ליב גע־האַט רחל׳ען מער פֿון לאה׳ן.

און די פֿרױען זײַנע האָבן אים געבאָרן קינדער. לאה האָט אים געבאָרן זעקס זין און אײן טאָכטער. און זײַנע צװײ דינסטן, װעלכע ער האָט זיך גענומען פֿאַר װײַבער, האָבן אים געבאָרן צו צװײ זין. און רחל האָט אים גע־באָרן אײן זון — יוסף׳ן (יױסעפֿן).

און װי רחל האָט געבוירן יוסף׳ן (יױסעפֿן), האָט יעקב געזאָגט לבנ׳ען: „גיב מיר מײַנע פֿרױען און קינדער, װאָס איך האָב בײַ דיר געאַרבעט פֿאַר זײ, און לאָז מיך אָפּ, װעל איך גײן צוריק אין מײַן הײם, אין מײַן לאַנד. דו װײסט דאָך, װי שװער איך האָב געאַרבעט פֿאַר זײ״.

זאָגט אים לבן: „איך האָב אויסגעפונען, אַז איך בין געבענשט געוואָרן צוליב דיר. דעריבער בלײַב בײַ מיר און באַשטים דײַן באַצאָלט, און איך וועל עס דיר געבן“.

זאָגט יעקב: „דו ווײסט דאָך — דו האָסט געהאַט זײער ווײניק, ווען איך בין אַהער געקומען; און איצט האָסטו זײער פיל. דאָס איז דיר געקומען אַ דאַנק מיר. אָבער איצט מוז איך אָנהײבן טראַכטן אויך וועגן מײַן הויז־געזינד. אויב דו וועסט צושטימען צו דעם, וואָס איך וועל דיר זאָגן, וועל איך פאַרבלײַבן פיטערן דײַנע שאָף. איך וועל הײַנט דורכגײן איבער אַלע דײַנע טשערעדעס און וועל אָפּקלײַבן די געפּינטלטע שעפּסן און די גע־רויטלטע ציגן, און זײ וועלן זײַן מײַן געצאָלט. און וועסטו בײַ מיר געפינען שעפּסן ניט קײַן געפּינטלטע און ציגן ניט קײַן גערויטלטע, וועסטו זײ האַלטן פאַר גע'ג נ ב'עטע (געגאַנווועטע). — זאָגט לבן: „זאָל זײַן אַזוי, ווי דו זאָגסט“.

און יעקב האָט אָפּגעקליבן די געפּינטלטע שעפּסן און די גערויטלטע ציגן און געמאַכט פון זײ באַזונדערע טשערעדעס און איבערגעגעבן זײ אין די הענט פון זײַנע קינדער. און ער האָט אַוועקגעטריבן זײַנע שאָף דרײַ טעג ווײַט פון לבנ'ס טשערעדעס.

און מיט דער צײַט איז יעקב געוואָרן רײַך, און ער האָט געהאַט פיל שאָף און רינדער און קעמלען און אײזלען.

17

# יעקב אַנטלויפט פון לבנ׳ען.

און אַמאָל האָט יעקב דערהערט, ווי לבנ׳ס זין זאָגן: יעקב האָט אַלצדינג צוגענומען ביי אונזער פאָטער; זיין גאַנץ פאַרמעגן קומט פון אונזער פאָטערס. און ער האָט באַמערקט, אַז לבן קוקט אויף אים אויך אַנדערש, ווי פריער.

האָט יעקב געשיקט און גערופן צו זיך אין פעלד רחל׳ען און לאה׳ן און זיי געזאָגט: „איך באַמערק, אַז אייער פאָטער קוקט אויף מיר אַנדערש ווי פריער. און איר ווייסט דאָך, ווי שווער איך האָב געאַרבעט אויף אייער פאָטער, און וויפיל מאָל ער האָט געביטן מיין באַצאָלט און מיך אויסגענאַרט. איצט וויל איך אַוועק פון דאַנען און צוריקקערן זיך אין מיין געבורטלאַנד“.

האָבן געענטפערט רחל און לאה: „האָבן מיר דען נאָך אַ טייל אין אונזער פאָטערס הויז? מיר ווערן דאָך ביי אים איצט פאַררעכנט פאַר פרעמדע, ווייל ער האָט אונז פאַרקויפט. און דאָס פאַרמעגן, וואָס דו האָסט, איז דאָך אונזערס און אונזערע קינדערס. און איצט טו אַזוי, ווי דו פאַרשטייסט“.

און איינמאָל איז לבן אַוועק שערן זיינע שעפסן. האָט יעקב אַרויפגעזעצט זיינע קינדער און זיינע ווייבער אויף די קעמלען און ער האָט אַוועקגעפירט זיין פי

און זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין כּאָרען, אויפֿ'ן וועג קײַן כּנען (קנאַען). און ער האָט ניט דערצײַלט לבֿנ'ען, אַז ער גײט אַוועק, און איז אַנטלאָפֿן פֿון אים. און רחל האָט זיך באַנוצט מיט דעם, וואָס דער פֿאָטער איז ניט געווען אין דער הײם, און האָט צוגענו־מען זײַנע הויז־געטעלאַך.

אויפֿ'ן דריטן טאָג האָט מען דערצײלט לבֿנ'ען, אַז יעקבֿ איז אַנטלאָפֿן. האָט ער גענומען זײַנע ברידער מיט זיך און נאָכגעיאָגט יעקבֿ'ן, און ער האָט אים דעריאָגט אין דרײַ טעג אַרום.

האָט לבֿן געזאָגט יעקבֿ'ן: „וואָס האָסטו דאָס געטאָן? פֿאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט און אַוועקגע־פֿירט מײַנע טעכטער, ווי געפֿאַנגענע? פֿאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפֿן? פֿאַרוואָס האָסטו מיך ניט געלאָזן אַ קוש טאָן מײַנע זין און טעכטער? דו האָסט זיך באַנאַרישט. איך וואָלט דאָך דיך באַגלײט מיט פֿרײד און מיט געזאַנג און מיט פּויקן און מיט האַרפֿן. און ווידער: אויב דיר האָט זיך שוין פֿאַרוואָלט צו דײַנע עלטערן און דו ביסט אַוועק, פֿאַרוואָס האָסטו נאָך צוגענומען מײַנע געטער?"

האָט יעקבֿ געענטפֿערט לבֿנ'ען: „איך האָב זיך געשראָקן, דו זאָלסט ניט אָפּרײַבן בײַ מיר דײַנע טעכטער. און איצט, אויב דו וועסט בײַ װעמען פֿון אונז געפֿינען דײַנע הויז־געטער, וועט יענער מער ניט לעבן". און יעקבֿ האָט ניט געוואוסט, אַז רחל האָט זײ צוגענו־מען.

און לבן איז געגאַנגען פון געצעלט אין געצעלט און האָט געזוכט זײַנע געטער און האָט זיי ניט געפונען. ווײַל רחל האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין דעם קישעלע פון איר קעמל און האָט עס אונטערגעלייגט אונטער זיך; און ווען איר פאָטער איז געקומען צו איר אין געצעלט זוכן, האָט זי געזאָגט: „אַנטשולדיק, פאָטער, איך בין ניט גע־זונט און קאָן זיך ניט אויפהייבן". און לבן האָט געזוכט און האָט ניט געפונען.

איז יעקב געוואָרן בייז אויף לבנ'ן און אים גע־זאָגט: „זע נאָר, וואָס האָסטו זיך געיאָגט נאָך מיר? אָט האָסטו איבערגעזוכט אַלע מײַנע זאַכן: וואָס האָסטו גע־פונען דײַנס? צוואַנציק יאָר האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיט דײַנע שעפּסן. בײַטאָג האָט מיך געגעסן די היץ און בײַ־נאַכט — די קעלט, און דער שלאָף האָט מיך אויסגעמידן. און האָט אַמאָל געפעלט אַ שעפּעלע, האָסטו עס בײַ מיר געמאָנט. און דו האָסט געביטן מײַן געהאַלט אַ צענדליק מאָל. און וואָלט איך ניט אַוועק פון דיר, וואָלסטו מיך געווים אַוועקגעשיקט מיט ליידיקן".

האָט לבן געענטפערט: „די טעכטער זײַנען דאָך מײַנע, און דײַנע קינדער זײַנען דאָך מײַנע אייניקלאַך, און די שעפּסן און אַלץ, וואָס דו זעסט דאָ, — אַלץ גע־הערט דאָך מיר און מײַנע טעכטער. איז וואָס זשע קאָן איך שלעכטס טאָן זיי אָדער די קינדער זייערע? לאָמיר בעסער איצט שליסן פרידן צווישן זיך".

און זיי האָבן אָנגעקליבן אַ קופּע מיט שטיינער און

זײַ האָבן געזאָגט: זאָל אָט די קופּע שטײנער זײַן אַ צײכן צווישן אונז, אַז מיר זאָלן ניט אַריבער אײנער דעם אַנ־דערנס גרענעץ צו טאָן שלעכטס אײנער דעם אַנדערן.

און זײ האָבן איבערגענעכטיקט אין יענעם אָרט. און אין דער פֿרי האָט ל ב ן געקושט זײַנע אײניקלאַך און זײַ־נע טעכטער, אָפּגעזעגנט זיך מיט זײ און איז אַוועק צו זיך אַהײם. און י ע ק ב איז זיך װײַטער געגאַנגען זײַן וועג.

## 18

# יעקב אויפֿ'ן וועג צו עשו'ן.

און י ע ק ב האָט געשיקט מענשן צו זײַן ברודער ע ש ו און זײ געהײסן זאָגן אים אַזוי: „איך האָב לאַנג גע־וואוינט מיט ל ב ן'ען, און איך האָב אָנגעלעבט שאָף און רינדער. און איצט שיק איך צו דיר, ווײַל איך וויל מיט דיר גוט ווערן“.

האָבן זיך די מענשן צוריקגעקערט און דערצײלט: מיר זײַנען געווען בײַ ע ש ו דײַן ברודער. ער קומט אָן אַנטקעגן דיר און מיט אים גײען פֿיר הונדערט מאַן.

האָט זיך י ע ק ב דערשראָקן. האָט ער צעטײלט די אַלע מענשן און די שאָף און די רינדער און די קעמ־לען, וואָס מיט אים, אויף צוויי טײלן. און ער האָט גע־טראַכט: אַז ע ש ו וועט קומען און צעשלאָגן אײן טײל, וועט דער צווײטער טײל אַנטלויפֿן.

און ער האָט אָנגעגרייט אַ געשאַנק פאַר עשו׳ן: ציגן און שעפסן, און קעמלען און קי, און אָקסן און אייזלען. און ער האָט די אַלע סטאַדעס איבערגעגעבן זיינע פאַסטוכער און זיי אָנגעזאָגט: גייט יעדערער באַזונדער גאַנץ ווייט איינער פונ׳ם אַנדערן. און אַז עשו מיין ברודער וועט אייך באַגעגענען און אייך פרעגן, וועמעס איז דאָס אַלץ, זאָלט איר זאָגן: דאָס אַלץ איז יעקב׳ס, און ער שיקט דאָס אַלס געשאַנק פאַר זיין ברודער עשו׳ן. און ער, יעקב, גייט אַליין הינטער אונז.

איז דאָס געשאַנק אַוועק. און יעקב האָט בייַנאַכט גענומען זיינע ווייבער און קינדער און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, און אַריבערגעפירט דעם טייַך יאַבויק. און ווען ער איז פאַרבליבן אַליין אויף יענער זייַט טייַך, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ מאַן און געראַנגלט זיך מיט אים און פאַרהאַלטן אים ביז אין דערפרי. און אין דערפרי האָט יענער אויסגעלונקען יעקב׳ן אַ זייַט. אָבער יעקב האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. האָט דער מאַן געזאָגט יעקב׳ן: „לאָז מיך אָפּ, ווייַל עס איז שוין טאָג“. זאָגט יעקב: „איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן, סייַדן דו וועסט מיר זאָגן אַ גוט וואָרט“. זאָגט יענער: „פון היינט אָן זאָלסטו מער ניט הייסן יעקב, נאָר ישראל (איסראָעל), ווייַל דו האָסט זיך געראַנגלט מיט אַ שטאַרקן מאַן און האָסט אים בייַגעקומען“.

און יעקב איז הינקענדיק אויף אַ זייַט אַריבער דעם טייַך און איז צוגעקומען צו די זייניקע.

19

# יעקב באַגעגנט עשו׳ן.

און יעקב האָט אַ קוק געטאָן און דערזען, ווי עשו קומט אָן, און צוזאַמען מיט אים — פיר הונדערט מאַן. האָט ער צעטיילט די קינדער צווישן לאה׳ן און רחל׳ען און זיינע צוויי דינסטן־פרויען. און ער האָט די דינסטן־פרויען מיט זייערע קינדער אַוועקגעשטעלט פאָרויס און לאה׳ן מיט אירע קינדער נאָך זיי און רחל׳ען מיט יוסף׳ן הינטער אַלעמען. און אַליין איז ער געגאַנגען פאָרויס.

און ער האָט זיך געבייגט און געבוקט, ביז ער איז צו־געקומען צו עשו׳ן. און עשו איז געלאָפן אַנט־קעגן אים, איז אים געפאַלן אויפ׳ן האַלז און האָט אים געקושט. און זיי האָבן ביידע געוויינט.



עשו פאַלט יעקב׳ן אויפן האַלז.

און עשו האָט דערזען די פרויען און די קינדער, האָט ער געפרעגט: „ווער זיינען זיי אַלע?“. האָט אים יעקב געענטפערט: „דאָס זיינען די ווייבער און די קינדער פון מיר, דיין קנעכט“. זיינען צוגעגאַנגען יעקב׳ס ווייבער מיט זייערע קינדער און האָבן זיך געבוקט פאַר עשו׳ן.

און עשו האָט געפרעגט: „ווּעמעס זיינען די אַלע טשערעדעס, וואָס איך האָב באַגעגנט?“ האָט יעקב געזאָגט: „דאָס האָב איך דיר געשיקט אַ געשאַנק צו געפינען ליבשאַפט אין דיינע אויגן“. — האָט עשו געזאָגט: „איך האָב גענוג מיינע אייגענע; זאָל דאָס בלייבן ביי דיר“. אָבער יעקב איז באַשטאַנען און האָט געזאָגט: „איך בעט דיך זייער, נעם מיין געשאַנק, ווייל איך האָב פיל“. — און ער האָט שטאַרק געבעטן, און עשו האָט גענומען.

דאַמאָלט האָט עשו פאָרגעשלאָגן: „לאָז מיך דיך באַגלייטן און גיין צוזאַמען מיט דיר“. האָט אים יעקב געזאָגט: „צו וואָס, מיין האַר? איך האָב דאָך קליינע קינדער און דאַרף גיין פּאַמעלאַך. און אויך די שאָף — אַז מען זאָל זיי איין טאָג צודריקן, וועלן זיי אויסשטאַרבן. גיי זיך דיר דעריבער פאָרויס, און איך וועל זיך פּאַמעלאַך נאָכגיין, ביז איך וועל קומען צו דיר“. האָט עשו געוואָלט איבערלאָזן מיט יעקב׳ן פון זיינע מענטשן, אָבער יעקב האָט זיך אויך דערפון אָפּגעזאָגט.

איז עשו אַוועק מיט זיין וועג צו זיך, און יעקב האָט

אויפגעשלאָגן געצעלטן און איז זיך פּאַמעלאַך געגאַנגען ווײַטער אויף דעם וועג צו זײַן פּאָטערס הויז.

און אויפ׳ן וועג, ווען יעקב איז געווען בײַם שטעטל בית־לחם, האָט רחל געבאָרן נאָך אַ קינד, אַ אינגל. אָבער ווען זי האָט אים געבאָרן, איז זי געשטאָרבן. האָט יעקב אַ נאָמען געגעבן דעם קינד בנימין (ביניאָמין). און ער האָט בײַם וועג אויסגעגראָבן אַ גרוב און באַער־דיקט דאָרטן רחל׳ען און האָט אויף איר קבר (קייווער) אַרויפגעשטעלט אַ שטײן. דאָס איז דער שטײן אויף רחל׳ס קבר (קייווער) נאָך ביז הײַנטיקן טאָג.

און יעקב איז געגאַנגען ווײַטער, ביז ער איז געקו־מען צו זײַן פּאָטער יצחק׳ן אין חברון. און יצחק האָט אָפּגעלעבט הונדערט מיט אַכציק יאָר און איז געשטאָרבן. און זײַנע זין עשו און יעקב האָבן אים באַ־ערדיקט אין דער הייל, וואָס בײַ חברון.

20

# די ברידער פאַרקויפן יוסף׳ן.

און יעקב האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט חברון. און ער האָט ליב געהאַט יוסף׳ן מער פון אַלע זײַנע קינדער און געמאַכט אים אַ זײַדן העמדל. האָבן יוסף׳ס ברידער געפּיטערט די שאָף אין פעלד; און יוסף האָט אין דער שטיל אָנגערעדט אויף די ברידער פאַר׳ן פּאָטער

י ע ק ב ׳ ן. האָבן אים זײַנע ברידער דערפֿאַר פֿײַנט באַקומען.

איינמאָל האָט זיך י ו ס פֿ ׳ ן גע׳חלומ׳ט (געכאָ־לעמט), ווי ער מיט די ברידער שנײַדן זאַנגען און בינדן גאַרבן אין פֿעלד. און פּלוצלונג איז זײַן גאַרב געבליבן שטיין, און די ברידערס גאַרבן האָבן זיך געבוקט צו זײַן גאַרב. און אַ צווייט מאָל האָט זיך אים גע׳חלומ׳ט (גע־כאָלעמט), אַז די זון, די לבנה (לעוואָנע) און עלף שטערן האָבן זיך פֿאַר אים געבוקט. האָט ער דערציילט די ח ל ו מ ו ת (כאַלוימעס) זײַנע ברידער.

האָבן די ברידער אים געזאָגט: „דו מיינסט, קענטיק, צו זײַן אַ קעניג און הערשן איבער אונז?“ און זיי האָבן אים נאָך מער פֿײַנט געקראָגן.

איינמאָל זײַנען י ו ס פֿ ׳ ס ברידער אַוועקגעגאַנגען אויף אַ לאַנגער צײַט פּיטערן זייערע שאָף. זאָגט י ע ק ב צו י ו ס פֿ ׳ ן: „גיי, מײַן זון, און זע, וואָס מאַכן דײַנע ברידער און די שאָף“.

איז יוסף אַוועק זוכן זײַנע ברידער; אויפֿ׳ן דריטן טאָג האָט ער זיי געטראָפֿן. ווי די ברידער האָבן אים דערזען פֿון דערווײַטן, האָבן זיי געזאָגט איינער צום צווייטן: „אָן גייט דער ח ל ו מ ו ת־ (חלוימעס) זעער“.

זאָגן צוויי פֿון זײַנע ברידער: „מען דאַרף זיך מיט אים אָפּרעכענען; מען דאַרף אים טייטן, און דעמאָלט וועלן מיר זען, וואָס וועט אַרויסקומען פֿון זײַנע ח ל ו מ ו ת“.

האָט זײַן עלטסטער ברודער זיך אויף אים דערבאַ־רימט און געזאָגט: „ברידער, לאָמיר ניט פאַרגיסן קײן בלוט. מיר װעלן אים בעסער אַרײַנװאַרפן אין אַ גרוב, און געגוג". — ער האָט געדענקט אין אָװנט אים אַרויס־נעמען פון דאָרט און ברענגען אים צוריק צום פאָטער.

האָבן די ברידער געפאָלגט. און װי יוסף איז אָנגע־קומען, האָבן זײ אים אויסגעטאָן דאָס זײַדענע העמדל און אַרײַנגעװאָרפן אים אין אַ גרוב. די גרוב איז געװען אַ טיפע, נאָר קײן װאַסער איז אין איר ניט געװען.

האָבן זיך די ברידער אַװעקגעזעצט עסן, און דער עלטערער ברודער איז ערגעץ אַװעק. דערװײַל איז אָנגע־קומען אַ קאַראַװאַן אַראַבישע הענדלער, װאָס האַנדלען מיט אַלערלײ געװירצן. זײ זײַנען געגאַנגען אין מצרים (מיצראַאים).

רופט זיך אָן יהודה (יעהודע), אײנער פון די ברי־דער: „װאָס װעלן מיר שוין דערפון האָבן, אַז מיר װעלן טײטן אונזער ברודער? לאָמיר אים בעסער פאַרקויפן די אַראַבישע הענדלער, און אונזערע הענט זאָלן ניט פאַר־גיסן קײן בלוט".

האָבן די ברידער געפאָלגט, אַרויסגענומען יוסף'ן פון גרוב און פאַרקויפט אים צו די הענדלער פאַר צװאַנ־ציק טאָלער.



די ברידער ציען אַרויס יוספ'ן פון גרוב.

דערנאָך האָבן די ברידער געשאָכטן אַ קליין ציגעלע און איינגעטונקט יוספ'ס זיידן העמדל אינ'ם בלוט. און זיי האָבן געבראַכט דאָס העמדל צום פאָטער און געזאָגט: „דאָס האָבן מיר געפונען. דערקען: איז עס דיין זונס העמדל אָדער ניט?“.

האָט עס יעקב דערקענט און האָט אויסגעשריען: „אוי, עס איז מיין קינדס העמדל! אַ בייזע חיה (כּאַיע) האָט אים אויפגעגעסן“.



יעקב באַוויינט יוסף׳ן.

האָט יעקב צעריסן די קליידער אויף זיך, אַרויפגעוואָרפן אַ גראָבן זאַק אויף זײַן לײַב און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ערד און געוויינט. און ער האָט ניט געוואָלט לאָזן טרייסטן זיך און ער האָט באַוויינט זײַן קינד און געזאָגט: „צוליב אים וועל איך אַ טרויעריקער אַרײַן אין קבר“.

## 21

# יוסף אין מצרים (מיצראַאים).

און די הענדלער, וואָס האָבן יוסף׳ן אָפּגעקויפט, האָבן אים אַוועקגעפירט קײַן מצרים. דאָרטן האָבן



די הענדלער ברענגען יוספ'ן קיין מצרים.

זיי האָבן אים געבראַכט אויפ'ן מאַרק און פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט צו פּוטיפערן, דעם שטאַלמייסטער פון פּרעה (פּאַרע), דעם קעניג פון מצרים. איז יוסף באַלד שטאַרק געפעלן געוואָרן זיין האַר, און דער האַר האָט אים אָנגעטרויט אַלע שליסלען פון זיין הויז.

נאָר איינמאָל איז פּוטיפערס ווייב בייז געוואָרן אויף יוספ'ן. האָט זי אָנגערעדט אויף אים פאַר איר מאַן.

האָט פּויטיפער געהייסן, מען זאָל יוסף׳ן אַרײַנוואַרפן אין געפענקעניש.

און אַז יוסף איז געזעסן אין געפענקעניש, האָבן אים דאָרטן ווידער אַלע באַלד ליב באַקומען; און דער אויפזעער פון געפענקעניש האָט איבערגעגעבן יוסף׳ן אויפצופּאַסן אויף אַלע געפאַנגענע.

צוזאַמען מיט יוסף׳ן זײַנען געזעסן אין געפענקעניש צוויי פּרעה׳ס באַדינער: פּרעה׳ס בעקער און פּרעה׳ס שענקער, וואָס דערלאַנגט פּרעה׳ן ווײַן.

איינמאָל זײַנען זיי אויפגעשטאַנען אין דער פרי אומעטיקע און האָבן דערציילט יוסף׳ן, אַז זיי האָבן די נאַכט שלעכטע חלומות (כאַלוימעס) געהאַט. און זיי האָבן דערציילט יוסף׳ן זייערע חלומות.

דער שענקער האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען אין חלום (כאָלעם), ווי עס זײַנען אויסגעוואַקסן דרײַ ווײַנשטאָקן, און עס זײַנען צײַטיק געוואָרן אויף זיי די ווײַנטרויבן. האָט ער גענומען די ווײַנטרויבן, אויסגעדריקט זיי אין פּרעה׳ס גלאָז און דערלאַנגט פּרעה׳ן צו טרינקען.

און דער בעקער האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען אין חלום, ווי אויף זײַן קאָפּ שטייען דרײַ קערב מיט פאַרשידענע געבעקס, און פויגלען פּיקען דאָס געבעקס פון די קערב.

האָט זיי יוסף באַשיידט זייערע חלומות און געזאָגט: דײַן חלום, שענקער, באַטײַט, אַז אין דרײַסיק טעג אַרום, צו פּרעה׳ס געבורטסטאָג, וועט מען דיך באַפרײַען פון געפענקעניש און צוריק מאַכן פאַר פּרעה׳ס שענקער. און דײַן חלום, בעקער, באַטײַט, אַז אין דרײַ טעג אַרום וועט מען דיך אויפהענגען און פויגלען וועלן פּיקען דײַן פלייש.

און ווי יוסף האָט זיי באַשיידט זייערע חלומות, אַזוי איז טאַקע דערנאָך מיט זיי געווען.

## 22

# יוסף ווערט פירער אין מצרים.

אין צוויי יאָר אַרום חלומ׳ט זיך פּרעה׳ן, דעם קעניג פון מצרים, אַזאַ חלום:

ער שטייט בײַם טײַך; און פון טײַך, זעט ער, גייען אַרויס זיבן פעטע קי — שיינע און שטאַרקע — און פּיטערן זיך אויף דער לאָנקע. קומען דערנאָך פון טײַך אַרויס אַנדערע זיבן קי — אויסגעמאָגערטע און אָפּגעפּאַלענע. עסן די מאָגערע קי אויף די פעטע קי, און מען זעט אין זיי גאָרניט אָן, אַז זיי האָבן די פעטע קי אויפגעגעסן.

און ווײַטער חלומ׳ט זיך אים:

זיבן זאַנגען וואַקסן אַרויס פון איין שטענגל — פולע און קערנדיקע; און זיבן אַנדערע זאַנגען וואַקסן נאָך זיי אַרויס, אויסגעשלאָגענע און ליידיקע. שלינגען איין די אויסגעשלאָגענע זאַנגען די פעטע. כאַפּט זיך פּ ר ע ה אויף, זעט ער — עס איז אַ ח ל ו ם.

שיקט ער נאָך די אַלטע און קלוגע לייט פון מ צ ר י ם און הייסט זיי באַשיידן אים דעם חלום. באַשיידן זיי. זיינען אָבער זייערע רייד פּ ר ע ה׳ן ניט געפעלן געוואָרן. האָט ער זיי ניט געגלויבט.

קומט צו גיין דער שענקער פאַר פּ ר ע ה ׳ ן און זאָגט: „מיין האַר און קעניג! מיט מיר אין געפענקעניש איז געזעסן אַ יונגערמאַן, אַ איד; האָט ער מיר און דעם בעקער דיינעם באַשיידט אונזערע ח ל ו מ ו ת. און ווי ער האָט געזאָגט, אַזוי איז טאַקע געווען. רוף אים, און זאָל ער אויך דיר דיין חלום באַשיידן“.

האָט פּ ר ע ה געגעבן אַ באַפעל — און מען האָט י ו ס פ ׳ ן אַרויסגענומען פון געפענקעניש און מען האָט אים אָנגעטאָן טייערע קליידער און געבראַכט פאַר פּ ר ע ה ׳ ן.

זאָגט פּ ר ע ה צו י ו ס פ ׳ ן: „אַזוי און אַזוי האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט. קאָנסטו מיר מיין ח ל ו ם דער־קלערן?“



יוסף באַשיידט פּרעה'ן דעם חלום.

האָט יוסף אַ קלער געגעבן און געזאָגט: „פּרעה'ס ביידע חלומות זיינען נאָר איין חלום. די זיבן פעטע קי און די זיבן פעטע זאַנגען זיינען זיבן יאָר פעטע, געראָטענע; די זיבן מאָגערע קי און די זיבן מאָגערע זאַנגען זיינען ווידער אַנדערע זיבן יאָר מאָגערע. פּרעה

האָט געזען אין חלום, וואָס עס וועט זײַן. עס וועלן קומען זיבן פעטע, גוטע יאָר אין מצרים און אַ גרויסע גערע־טעניש. אָבער נאָך זײ וועלן אָנקומען זיבן יאָר אַזעלכע שלעכטע, אַז די ערד וועט גאָרנישט אַרויסברענגען פון זיך, און זײ וועלן אויפעסן די זיבן פעטע יאָר“.

„מײַן מײנונג איז דערפאַר, — זאָגט יוסף ווײַטער, — פּרעה זאָל אויסגעפינען אַ קלוגן און אַ געראָטענעם מענשן, וואָס זאָל אין די זיבן גוטע יאָר צוזאַמענעמען דאָס איבעריקע ברויט און באַהאַלטן עס אין שפּײַכלערס, עס זאָל אין די זיבן שלעכטע, מאָגערע יאָר זײַן וואָס צו עסן אין לאַנד.“

רופט זיך אָן פּרעה: „דו, יוסף, ביסט דער געראָ־טנסטער און פאַסיקסטער מענש, און דיך וועל איך מאַכן פאַר דעם פירער. איך בין דער קעניג; אָבער אָן דיר זאָל קײנער קײן האַנט און קײן פוס ניט אויפהײבן אין גאַנץ מצרים. דו זאָלסט זײַן דער גרעסטער מאַן אין מײַן לאַנד, און אַלע זאָלן דיך פאָלגן“.

האָט פּרעה אָפּגעגעבן יוספ׳ן זײַן רינג, און ער האָט אים אָנגעטאָן אַ גאָלדענע קײט אויפ׳ן האַלז און האָט באַפוילן, מען זאָל פאָלגן יוספ׳ן, ווי פּרעה׳ן אַלײן.



יוסף פאָרט איבער די גאַסן פון מצרים.

און יוסף האָט גענומען אַ פרוי אין מצרים. און זײַן פרוי האָט אים געבוירן צוויי זין: מנשה (מנאַשע) און אפרים (עפראַאים).

23

# יוספ׳ס ברידער אין מצרים.

זײַנען אָנגעקומען די זיבן גוטע יאָר אין מצרים. און עס איז געווען אַזוי פיל תבואה (טוואוע), אַזוי פיל ברויט, אַז מען האָט ניט געוואוסט, וואָס דערמיט צו טאָן. האָט יוסף געהייסן אַרײַנברענגען די תבואה (טוואוע) פון די פעלדער אין שפּײַכלערס אַרײַן.

און עס האָבן זיך אויסגעלאָזט די זיבן פעטע יאָר און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זיבן הונגעריקע יאָר. און עס איז געוואָרן אַ הונגער אין אַלע לענדער און דערנאָך אויך אינ׳ם לאַנד מצרים.

נאָר ביי יוספ׳ן אין די שפּייכלערס איז געווען תבואה, וויפיל מע האָט געוואָלט.

און דער הונגער האָט דערגרייכט אויך צו יעקב׳ן אין חברון.

זאָגט יעקב צו זיינע קינדער: „נעמט געלט און גייט אין מצרים און קויפט עסנוואַרג".

האָט יעקב אָפּגעשיקט זיינע צען זין קיין מצרים. נאָר בנימינ׳ען (ביניאָמינען), יוספ׳ס ברודער, זיין אינגסטן זון, האָט ער ניט מיטגעשיקט: ער האָט זיך געשראָקן, עס זאָל אים קיין שלעכטס ניט געשען.

זיינען יוספ׳ס ברידער זאַלבאַצענט געקומען קיין מצרים. האָט יוסף זיי דערקענט, און זיי האָבן אים ניט דערקענט.

פרעגט זיי יוסף: „ווער זייט איר?"

זאָגן זיי: „מיר זיינען אידן פון חברון און קומען נאָך תבואה".

זאָגט יוסף: „ניין, איר זייט גאָר שפּיאָנען. דאָס לאַנד זייט איר געקומען אויסקוקן".

זאָגן זיי: „ניין, מיר זיינען אָרנטלאַכע מענשן. צוועלף זין פון איין טאַטן זיינען מיר; איינעם האָבן מיר איבערגעלאָזט ביים טאַטן אין דער היים און איינער איז ניט געוואָרן".

זאָגט יוסף: „אויב עס איז ריכטיק, וואָס איר זאָגט, אַז איר זײַט ניט קיין שפּיאָנען, נעמט אײַך תבואה ווי־פיל איר דאַרפט, און גייט אַהיים צו אײַער פאָטער און ברענגט מיר דעם קליינעם ברודער אײַערן. און ביז איר וועט ניט צוריקקומען מיט אײַער קליינעם ברודער, וועל איך האַלטן איינעם פון אײַך דאָ אין געפענקעניש“.

זײַנען די ברידער אַוועקגעפאָרן אַהיים צום פאָטער און האָבן אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. זאָגט יעקב: „מעג געשען, וואָס עס וויל, נאָר מײַן קינד בנימינ׳ען שיק איך ניט מיט אײַך. ווײַל ער איז מיר געבליבן אַן איינציקער פון זײַן מוטער, און טרעפט מיט אים עפּעס אַן אומגליק אין וועג, וועל איך מוזן גיין אַ טרויעריקער אין גרוב אַרײַן“.

24

# די ברידער קומען מיט בנימינ׳ען.

אין אַ ביסל צײַט אַרום איז אויסגעגאַנגען דאָס ברויט, וואָס יעקב׳ס זין האָבן געבראַכט פון מצרים.

זאָגט יהודה (יעהודע) צום פאָטער: „טאַטע, גיב בנימינ׳ען אין מײַן האַנט איבער. איך בין פאַראַנט־וואָרטלאַך פאַר אים, אַז איך וועל אים דיר צוריקברענגען אַ גאַנצן“.

האָט יעקב פאַרשטאַנען, אַז אין יהודה׳ס הענט קאָן ער איבערגעבן בנימינ׳ען, ווײַל יהודה איז געוועזן זייער אַ שטאַרקער יונג. האָט ער געזאָגט צו די זין: „נעמט מיט אַ געשאַנק פאַר דעם מאַן דאָרט אין

מ צ ר י ם פון די פרוכט פון אונזער לאַנד, און געלט נעמט מיט און גייט אין מ צ ר י ם נאָך ת ב ו א ה“.

האָבן די ברידער אַזוי געטאָן, און זיי זײַנען געקומען און האָבן זיך געשטעלט פאַר י ו ס פ ' ן. האָט י ו ס ף באַפוילן מאַכן אַ מאָלצײַט און בעטן די ברידער צו אים צום טיש. און די ברידער האָבן געבראַכט דאָס געשאַנק צו י ו ס פ ' ן אין הויז אַרײַן.

האָט י ו ס ף זיך געגריסט מיט זײַנע ברידער און גע־פרעגט: „וואָס מאַכט אײַער אַלטער פאָטער? לעבט ער נאָך?“

זאָגן זיי: „יאָ“.

גיט י ו ס ף אַ קוק און דערזעט ב נ י מ י נ'ען, זײַן לײַב־לאַכן ברודער. האָט ער זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. איז ער אַרײַן אין אַ צווייט צימער און האָט זיך אויסגעוויינט.

דערנאָך האָט ער זיך אײַנגעוואַשן און איז צוריק אַרײַן צו די ברידער. און ער האָט אַרומגעזעצט די ברידער אַרום טיש לויט זייער עלטער. די ברידער האָבן זיך געוואונ־דערט, פון וואַנען ווייס ער עס, און האָבן געטרונקען צו־זאַמען מיט י ו ס פ ' ן. און י ו ס ף האָט זיי אַלעמען געגעבן געשאַנקען, און ב נ י מ י נ'ען האָט ער געגעבן אַ בעסער געשאַנק, איידער אַלע אַנדערע ברידער.

און י ו ס ף האָט געהייסן זײַן הויז־פירער, ער זאָל אָנ־שיטן די זעק פון די ברידער מיט ת ב ו א ה, און ער זאָל אין ב נ י מ י נ ' ס זאַק אַרײַנלייגן דעם גאָלדענעם בע־כער, פון וועלכן ער, י ו ס ף, האָט געטרונקען בײַם טיש. און אויף מאָרגן, ווען די ברידער האָבן פאַרלאָזן די

שטאָט, האָט יוסף געשיקט זײַן הויז־פירער, ער זאָל נאָכיאָגן די ברידער און פרעגן בײַ זײ, פאַרוואָס האָבן זײ אים פאַר גוטס באַצאָלט מיט שלעכטס; פאַרוואָס האָבן זײ בײַ אים צוגענומען דעם בעכער.

האָבן די ברידער געזאָגט: „מיר זײַנען ערלאַכע לײַט. זוך בײַ אונז, און וועסטו בײַ אײנעם פון אונז געפי־נען דעם בעכער, זאָל יענער געטײט ווערן, און מיר וועלן זײַן קנעכט בײַ דעם האַר“.

האָט דער הויז־פירער אָנגעהויבן צו זוכן בײַם על־טערן ברודער אין זאַק, און געענדיקט זוכן בײַם אינגסטן, בײַ בנימינ׳ען. און ער האָט געפונען דעם בעכער אין בנימינ׳ס זאַק. האָבן די ברידער צעריסן אויף זיך די קלײדער פאַר שאַנד און פאַרדראָס און האָבן זיך אומגע־קערט צוריק אין שטאָט אַרײַן.



בנימינ׳ס הויז־פירער געפינט דעם בעכער.

# 25
# יוסף גיט זיך צו דערקענען די ברידער.

און יהודה איז צוגעגאַנגען צו יוסף׳ן און געזאָגט:

„מײַן האַר! דו האָסט זיך בײַ אונז נאָכגעפרעגט, צי ס׳איז פֿאַראַן בײַ אונז אַ פֿאָטער צי אַ ברודער. האָבן מיר דיר אַלץ ריכטיק דערציילט. האָסטו געזאָגט: „ברענגט צו מיר אײַער אינגערן ברודער“. דער פֿאָטער אָבער האָט אים ניט געוואָלט לאָזן גײן מיט אונז, ווײַל ער האָט זיך געשראָקן, טאָמער טרעפֿט זיך מיט דעם יונג אַן אומגליק אין וועג. און איצט, ווען מיר וועלן קומען אַהיים אָן בנימין׳ען, וועט דער פֿאָטער דאָס ניט איבערטראָגן. איך האָב גענומען דעם יונג אויף מײַן וואָרט. איך וועל דערפֿאַר בלײַבן בײַ דיר אַ קנעכט אַנשטאָט דעם יונג, און זאָל ער פֿאָרן מיט זײַנע ברידער אַהיים.“

האָט זיך יוסף מער שוין ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, און ער האָט זיך צעוויינט און געזאָגט: „איך בין אײַער ברודער יוסף, וועמען איר האָט פֿאַרקויפֿט אין מצרים. וואָס מאַכט דער פֿאָטער, צי לעבט ער נאָך?“

האָבן זיך די ברידער דערשראָקן און ניט געקאָנט ענטפֿערן אים קיין וואָרט.



יוסף לאָזט זיך דערקענען צו די ברידער.

האָט יוסף צו זײ געזאָגט: „שרעקט זיך ניט, און זאָל אײַך ניט פאַרדריסן, וואָס איר האָט מיך פאַרקויפט אין מצרים. דאָס האָט אַזוי געטראָפן, איר זאָלט האָבן וואָס צו עסן און איר זאָלט געראַטעוועט ווערן פון הונגער“.

און יוסף איז געפאַלן בנימינ׳ען אויפ׳ן האַלז און האָט אים געקושט, און ער האָט געקושט אַלע ברי־דער און האָט געזאָגט: „איצט פאָרט אַהײם. נעמט מיט פורן און וועגענער און ברענגט צופירן אַהער דעם טאַטן אונזערן און אײַערע ווײַבער און קינדער. איר אַלע וועט דאָ וואוינען בײַ מיר אין מצרים“.

און יוסף האָט געשענקט שײנע זאַכן אַלע זײַנע ברי־
דער, און זײַן פאָטער יעקב'ן האָט ער געשיקט פון
אַלעם גוטן.

זײַנען די ברידער געקומען אהײם און דערצײלט דעם
טאַטן, אַז זײַן זון יוסף לעבט, און אַז ער הערשט אי־
בער'ן לאַנד מצרים.



יהודה ווייזט יעקב'ן די רייטוועגן פון מצרים.

האָט יעקב אויסגערופן פאַר פרייד: „אָ, מיין זון יוסף לעבט נאָך! איך וועל גיין און וועל אים זען, איידער איך שטאַרב!"

26

# יעקב אין מצרים.

און יעקב האָט געהייסן שפּאַנען די וועגענער, און ער האָט צוזאַמענגענומען די ווייבער מיט די קינדער און די אייניקלאַך און זיין גאַנץ האָב און גוטס, און זיי זיינען אַלע אַוועק קיין מצרים צו יוסף'ן. און יהודה איז געפאָרן פאָרויס — ווייזן זיי דעם וועג.

און יוסף האָט געהייסן איינשפּאַנען זיין רייטוואָגן און איז געפאָרן אַנטקעגן זיין פאָטער. און ווען יוסף האָט דערזען זיין פאָטער, איז ער אים געפאַלן אויפ'ן האַלז, און זיי האָבן זיך געקושט, און זיי האָבן געוויינט. און יעקב האָט געזאָגט: „איצט קאָן איך שוין רואיק שטאַרבן, נאָכדעם ווי איך האָב דיך ווידער געזען, מיין זון יוסף!"

און יוסף האָט דערציילט פּרעה'ן, אַז זיין פאָ־טער און זיינע ברידער זיינען געקומען פון לאַנד כנען. איז דאָס פּרעה'ן זייער געפעלן געוואָרן. און יוסף האָט געבראַכט יעקב'ן און פאָרגעשטעלט אים פאַר פּרעה'ן. האָט יעקב געבענשט פּרעה'ן.



יוסף שטעלט פאָר יעקב׳ן פאַר פרעה׳ן.

און פרעה האָט געזאָגט צו יוספ׳ן: „דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַר דײַנע ברידער. גיב זיי אָפּ דעם בעסטן שטיק לאַנד, וואָסערן דו ווילסט“.

האָט זיי יוסף אָפּגעגעבן אַ באַזונדער שטיק לאַנד — דאָס לאַנד גושען, און זיי האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

27

# יעקב׳ס טויט.

אין אַ צײַט אַרום איז יעקב קראַנק געוואָרן. איז יוסף מיט זײַנע צוויי זין — מנשה און אפרים — געקומען געוואָר ווערן זײַן פאָטער. האָט יעקב זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן בעטל, אַרויפגעלעגט זײַנע הענט אויף די קעפּ פון יוספ׳ס זין און זיי געבענשט.



יעקב בענשט זיינע אייניקלאך.

און פאַר'ן טויט האָט יעקב צונויפגערופן אַלע זיינע זין און האָט זיך מיט זיי אַלעמען געזעגנט און זיי געבענשט. און ער האָט געבעטן, מען זאָל אים ניט באַערדיקן אין מצרים, נאָר מען זאָל אים פירן אין לאַנד כנען און דאָרטן באַערדיקן.

און יעקב איז געשטאָרבן, הונדערט מיט זיבן און פערציק יאָר אַלט. האָט מען אים באַלזאַמירט. און אַלע זיינע זין, מיט יוסף'ן פאָרויס, האָבן אים אָפּגעפירט אין לאַנד כנען און האָבן אים באַערדיקט אין חברון, אין דער זעלבער הייל, וואו עס זיינען באַערדיקט געוואָרן אַברהם און שרה, יצחק און רבקה, און לאה. און אַלע האָבן שטאַרק געקלאָגט נאָך יעקב'ן — סיי זיינע קינדער, סיי די מיצרים.

און יוסף און די ברידער האָבן זיך צוריקגעקערט קיין מצרים, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַגלייט יעקב'ן.

האָבן די ברידער זיך געשראָקן, אַז יוסף וועט זײ איצט פּײַנט באַקומען און באַצאָלן זײ מיט שלעכטס דערפאַר, וואָס זײ האָבן אים אַמאָל שלעכטס געטאָן. זײַנען זײ גע־גאַנגען צו יוספ׳ן און געבעטן, ער זאָל זײ פאַרגעבן. האָט זײ יוסף געטרײסט און געזאָגט: „איר האָט גע־טראַכט מיר טאָן שלעכטס, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך עס צום גוטן. איצט שרעקט זיך ניט; איך וועל אײַך געבן גענוג צו דערנערן אײַך און אײַערע קינדער“.

און יוסף האָט געלעבט הונדערט מיט צען יאָר און האָט דערלעבט אוראײניקלאַך פון זײַנע זין אפרים און מנשה. און ער האָט באַשוואָרן די קינדער פון ישראל (איסראָעל) פאַר זײַן טויט אַזוי: „ווען איר וועט אַרויס פון מצרים, זאָלט איר מיטנעמען מײַנע בײנער מיט אײַך“.

און ער איז געשטאָרבן, און מען האָט אים באַלזאַ־מירט און באַערדיקט אין מצרים.



28

# פּרעה דריקט די קינדער פון ישראל.

מיט זיבעציק מאַן איז יעקב, אָדער ווי מען האָט אים נאָך אַנדערש גערופן — ישראל (איסראָעל), גע־קומען קיין מצרים. נאָר גיך האָבן זיך די קינדער פון ישראל פאַרמערט און פול געמאַכט דאָס לאַנד.

און יוסף מיט זיינע ברידער און אַלע אַנדערע פון זיין עלטער זיינען שוין לאַנג געשטאָרבן. און עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער פּרעה, וואָס האָט שוין ניט גע־קענט יוספ'ן. האָט פּרעה געזאָגט: „די קינדער פון ישראל פאַרמערן זיך און ווערן אַ שטאַרק פאָלק. זיי קאָנען נאָך אין דער צייט פון אַ קריג צושטייין צו אונ־זער פיינט און אַרויסגייין פון לאַנד. מען דאַרף זיי דערפאַר מאַכן פאַר קנעכט און געבן זיי שווערע אַרבעט.

האָט פּרעה געצוואונגען די קינדער פון ישראל צו בויען פּיראַמידן און פעסטונגען — פּיסעם און ראַמסעס. און מען האָט זיי געלאָזט שווער און ביטער אַרבעטן ביי ליים און ביי ציגל און ביי אַנדערע שווערע אַרבעט אין פעלד. און מען האָט פאַרביטערט זייער לעבן. און פּרעה האָט באַשטימט איבער זיי אויפזעער און באַצווינגער, זיי זאָלן אויפפּאַסן אויף דער אַרבעט פון די קינדער פון ישראל און זיי זאָלן זען, יענע זאָלן שווער אַרבעטן.

פרעה האָט די אידן אָפּגענאַרט און מיט פאַלש־קייט זיי איינגעשפּאַנט אין יאָך. צוערשט האָט ער גע־לאָזט אויסרופן, אַז מצרים איז אין אַ געפאַר, ווייל די אַרמייען פון די אַרומיקע פעלקער קאָנען קומען און איינ־נעמען דאָס לאַנד. דעריבער דאַרף מען אויסמויערן פעס־טונגען, און ווער עס וויל, זאָל זיך שטעלן צו דער אַר־בעט: „היינט אומזיסט, מאָרגן פאַר געצאָלט". ער אַליין איז דער ערשטער אַרויס צו דער אַרבעט מיט אַ מולטער ליים און קנעט־געצייג. ווי די אידן האָבן אים דערזען, זיינען זיי אַלע געקומען צו דער אַרבעט און זיך געפלייסט אויסצואַרבעטן וואָס מער ציגל. האָט מען זיי שוין ניט אָפּגעלאָזן און געפאָדערט פון זיי אַלע טאָג אַזוי פיל ציגל, וויפיל זיי האָבן אויסגעאַרבעט דעם ערשטן טאָג.

פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען די אידן געשטאַנען אין פעלד אונטער דער ברענענדיקער זון, מיט די באָרוויסע פיס געקנאָטן ליים און מיט צעבלוטיקטע הענט געמאַכט ציגל. די רוט פון די האַרטהאַרציקע אויפ־זעער האָט געפּייטשט איבער זייערע לייבער, און בלוטיקער שווייס און טרערן האָבן ווי זאַלץ געשמאַרצט אויף זייע־רע לייבער.

אין דער זעלבער צייט פלעגן זייערע פרויען אַרויס־גיין מיט די קרוגן צום טייך אָנשעפּן וואַסער און דערנאָך אין דערהיים צושטעלן אַ געקעכץ. נאָכדעם פלעגן זיי דאָס עסן אַוועקטראָגן צו די מענער אין פעלד, זיי אַרומ־שמירן דאָרט די וואונדן מיט בוימל, זיי געבן עסן און

טרינקען. און דאַמאָלסט ערשט פלעגן זיי צוריקגייען אַהיים.

ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָבן די אידן אויך ניט געהאַט קיין רו. די מיצרים האָבן זיך באַדינט מיט זיי אין שטוב און אין פעלד. און אויף צולאָכעס פלעגן זיי אַרויפוואַרפן די ווייבערשע אַרבעט אויף מענער, און די מענערשע אַרבעט אויף פרויען. דעם מאַן האָבן זיי געהייסן קנעטן ברויט, קאָכן און באַקן, און דער פרוי — האַקן האָלץ און אַקערן אין פעלד.

איז דאָס אַלץ געווען ווייניק, האָט נאָך פּרעה פאַרטראַכט אײַנגאַנצן אומברענגען די קינדער פון ישראל, און ער האָט געהייסן: „יעדן אידישן אינגל, וואָס וועט געבוירן ווערן, זאָל מען אַרײַנוואַרפן אין טײַך; און נאָר די מיידלאַך זאָל מען לאָזן לעבן״.

פלעגן די אידישע מוטערס באַהאַלטן זייערע קינדער אין די קעלערס. וואָס טוען די מיצרים? גייען זיי אַרײַן אין דער אידישער שטוב מיט די אייגענע קליינע קינדער אויף די הענט און קנײַפּן זיי, זיי זאָלן וויינען. ווי דאָס אידישע קינד אין קעלער דערהערט אַ שטימע פון אַ וויינענדיק קינד, הייבט עס אויך אָן צו וויינען. גייען די מיצרים נאָך נאָכ׳ן געוויין און געפינען דאָס באַהאַלטענע קינד און וואַרפן עס אַרײַן אין טײַך אַרײַן.

און די ביזקייט און האַרטהאַרציקייט פון פּרעה׳ן מיט זײַנע באַאַמטע איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. פלעגט בײַ ווענען פון די אידישע אַרבעטער אויספעלן

ציגל צו דער באַשטימטער צאָל, פלעגט מען דעם אָרט אין מויער פאַרלייגן מיט זײַנס אַ קינד. די פאַרשטיקטע געשרייען פון די אײַנגעמויערטע קינדער האָבן זיך געלאָזט הערן פון דעם מויער, געריסן זיך פון די ווענט און דערגרייכט ביז'ן הימל.

29

# משה'ס (מוישעס) געבורט.

און יוכבד (יויכעוועד), די ווײַב פון עמרם (אַמראָם), איינעם פון די קינדער פון ישראל, האָט געבוירן אַ זון. האָט זי אים אויסבאַהאַלטן דרײַ מאָנאַטן. מער האָט זי אים באַהאַלטן ניט געקאָנט, ווײַל פּרעה'ס דינער האָבן אים געזוכט. האָט יוכבד (יויכעוועד) גענומען אַ קעסטעלע, אַרומגעשמירט עס פון אינווייניק און פון דרויסן מיט ליים און מיט פעך, אַרײַנגעלייגט אַהין דאָס קינד און אַוועקגעשטעלט בײַם ברעג טײַך. און איר טאָכטער מרים (מיריאָם) האָט זיך אַוועקגעשטעלט פון ווײַטן — זען, וואָס וועט זײַן מיט'ן קינד.

און פּרעה'ס טאָכטער מיט אירע דינערנס איז געקומען צום טײַך באָדן זיך. האָט זי דערזען דאָס קעסטעלע; האָט זי געשיקט אירע אַ דינערן, און יענע האָט עס אַרויסגעצויגן פון וואַסער. האָט פּרעה'ס טאָכטער געעפנט דאָס קעסטעלע און דערזען — אַ קינד וויינט. האָט זי זיך דערבאַרימט אויפ'ן קינד און געזאָגט: „דאָס איז אַ אידיש אינגעלע".



מען נעמט אַרויס דאָס קינד פון טייך.

ווען מרים (מיריאַם) האָט דאָס דערזען, איז זי צוגע־גאַנגען און האָט געפרעגט: „קאָן איך גייען און ברענגען דיר אַן אַם, וואָס זאָל אָנזייגן דאָס קינד?“ — זאָגט פּרעה׳ס טאָכטער: „גיי און ברענג“.

איז מרים געגאַנגען און געבראַכט יוכבד׳ן (יויכעוועדן), די מוטער פון׳ם קינד. און פּרעה׳ס טאָכ־טער האָט איר איבערגעגעבן דאָס קינד. און יוכבד האָט עס אויסגעהאָדעוועט, און ווען דער אינגל איז אונ־טערגעוואַקסן, האָט זי אים געבראַכט צו פּרעה׳ס טאָכטער.

און פּרעה׳ס טאָכטער האָט דעם אינגל אַ נאָמען געגעבן משה (מוישע), און זי האָט אים איבערגעלאָזן ביי זיך אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ.

## 30

# משה אַנטלויפט פון פּרעה׳ן.

ווען משה איז אויסגעוואַקסן, האָט ער זיך דערוואוסט,

פון וואַנען ער שטאַמט, און ער איז געגאַנגען זען, וואָס מאַכן זײַנע ברידער. האָט ער געזען, ווי מען פּײַניקט זיי; האָט ער ניט געקאָנט צוזען זייערע לײַדן. טיף האָט אים אויף זיי געקרענקט דאָס האַרץ, און ער האָט אַליין מיט זײַנע אייגענע הענט מיטגעהאָלפן זיי אין דער אַרבעט. ווי ווײַט ער האָט געקאָנט, האָט ער זיך באַמיט צו פאַר־לײַכטערן זייער שווערן פּײַן: דעם אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע, יענעם אונטערגעהויבן אַ שווערע לאַסט; דאָ גע־קומען צו הילף אַ שוואַכער פרוי, דאָרט אַן אַלטן מאַן אָדער אַ יונג קינד.

איינמאָל האָט משה דערזען, ווי אַ מיצרי שלאָגט אַ אידן. איז ער געוואָרן שטאַרק בייז און האָט זיך אָנגע־נומען פאַר זײַן ברודער, האָט געטויט דעם מיצרי און פאַרגראָבן זײַן קערפּער אין זאַמד.



משה טייט דעם מיצרי.

אַן אַנדער טאָג איז משה אַרויס צו זײַנע ברידער; זעט ער — צוויי אידן קריגן זיך און שלאָגן זיך. זאָגט ער צו איינעם פון זיי: „פאַרוואָס שלאָגסטו דײַן פרײַנט?“ — רופט זיך אָפּ יענער: „ווער האָט דאָס דיך געמאַכט פאַר אַ האַר און פאַר אַ ריכטער איבער אונז? מיינסט פילײַכט טייטן מיך, ווי דו האָסט געטויט דעם מיצרי?“

האָט משה זיך דערשראָקן. ער האָט געטראַכט: „עס ווײַזט אויס, מען האָט זיך דערוואוסט“. און פּרעה האָט זיך טאַקע דערוואוסט, און ער האָט געוואָלט טייטן משה׳ן. איז משה אַנטלאָפן אין דעם לאַנד מידיאָן.

און ער האָט דאָרט אומגעוואַנדערט, ביז ער איז גע־קומען צו אַ ברונעם. דערזעט ער: עס קומען אָן מיידלאַך מיט זייערע טשערעדעס און ווילן אָנטרינקען זייערע שאָף. קומען צוגיין די מענער פּאַסטיכער מיט זייערע שאָף און טרײַבן אַוועק די מיידלאַך. האָט משה זיך אײַנגעשטעלט פאַר די מיידלאַך און געהאָלפן זיי אָנ־טרינקען זייערע שאָף.



משה העלפט די מיידלאַך אָנטרינקען די שאָף.

גייען די מיידלאַך אַהיים. פרעגט זיי זייער פאָטער יתרו (איסרע), דער גאַלאַך פון מידיאַן: „פאַרוואָס זײַט איר הײַנט אַזוי פרי געקומען?" דערציילן זיי, אַז אַ מאַן פון מצרים האָט זיי געראַטעוועט פון די פאַסטוכער, האָט אָנגעשעפּט פאַר זיי וואַסער פון ברונעם און אָנגעטרונקען זייערע שאָף. פרעגט יתרו (איסרע): „פאַרוואָס האָט איר דאָרטן איבערגעלאָזן דעם מאַן? רופט אים, זאָל ער ביי אונז עסן".

זײַנען די מיידלאַך געגאַנגען און גערופן משה'ן. האָט משה אײַנגעוויליקט צו פאַרבלײַבן בײַ יתרו'ן; ער האָט גענומען זײַנע אַ טאָכטער פאַר אַ ווײַב און האָט אָנגעהויבן צו פּיטערן יתרו'ס שאָף אין דער מדבר (מידבאָר).

31

## משה אַ טרײַער פאַסטוך.

ווען משה האָט געפּיטערט יתרו'ס שאָף אין דער מדבר, איז איינמאָל ביי אים אַנטלאָפן אַ שעפּסעלע פון דער טשערעדע. האָט ער עס נאָכגעיאָגט און געטראָפן הינטער'ן באַרג, ווי עס שטייט ביים טײַך און טרינקט.

זאָגט משה: „אָרים שעפּעלע! איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביסט אַזוי דאָרשטיק; אומזיסט דיך געיאָגט און געטריבן! איצט ביסטו נעבאַך מיד. קום, איך וועל דיך נעמען אויפ'ן אַקסל און צוריק אָפּטראָגן". און ער האָט אַזוי געטאָן.

32

# משה אין מדבר.

משה האָט זיך אַרומגעפירט מיט יתרו׳ס שאָף אין דער מדבר; נאָר דאָס האַרץ זײַנס איז געװען בײַ זײַנע געפּײַניקטע ברידער אין מצרים. און אײנמאָל האָט משה דערהערט, אַז דער אַלטער פּרעה איז געשטאָרבן, און אַז אויך די ברידער זײַנע האָט מען אַרויפגעלײגט נאָך שװערערע אַרבעט, און אַז זײ קרעכצן אונטער זײער יאָך. איז ער אומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און אַן אומעטיקער. „װאָס װעט זײַן מיט זײ?“ — האָט ער געטראַכט. — „צי װעלן זײ דאָס אויסהאַלטן? צי פאַר גרויס פּײַן װעלן זײ אײנגאַנצן פון דער װעלט ניט אומקומען?“

אײנמאָל איז משה, פאַרטאָן אין אַזעלכע געדאַנקען, געװען בײַם באַרג חורב (כּוירעװ); און ער האָט דערזען, װי אַ דאָרן־שטרויך לױכט און װערט ניט פאַרלאָשן. איז ער געגאַנגען זען, װאָס דאָס איז. דערהערט ער עפּעס, װי אַ שטים װאָלט צו אים געזאָגט:

„משה! די לײַדן פון דײַן פאָלק און דער דרוק, װאָס די מיצרים דריקן אים, איז זײער גרויס; און די געשרײען זײַנע גײען אין הימל אַרויף. װאָס זיצסטו דאָ? פאַרלאָז דעם מדבר און גײ אין מצרים. זע צו העלפן זײ און באַפרײַען זײ פון דעם יאָך פון מצרים. רוף צונויף די עלטסטע לײַט פון די קינדער פון ישראל און זאָג זײ:

„עס איז געקומען די צײַט, ווען איר דאַרפט אויסגעלייזט ווערן פון דעם פּײַן און פון דעם יאָך פון מצרים; איר זאָלט ווערן אַ פֿאָלק, זאָלט באַקומען דאָס לאַנד פון אײַער עלטערן, דאָס לאַנד כנען.“ און צוזאַמען מיט די עלטסטע זאָלסטו גיין צו פּרעה׳ן און זאָגן אים: „לאָז אַרויס די קינדער פון ישראל אויף דרײַ טעג; זאָלן זיי גיין אין מדבר און מאַכן דאָרט אַ יום־טוב (יאָמ־טעוו).“

איז משה געגאַנגען צו יתרו׳ן, האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט און איז געגאַנגען אין מצרים. איז אים אַנטקעגן געקומען זײַן ברודער אהרן (אַרן). האָבן זיי זיך צעקושט און זיי זײַנען ביידע געגאַנגען אין מצרים. און זיי האָבן צונויפגערופן די עלטסטע פון די קינדער פון ישראל און דערציילט זיי, וואָס משה האָט געהערט פון דאָרן־שטרויך אַרויס. האָט דאָס פֿאָלק געגלויבט און געהאָפט אויף אַ באַלדיקער אויסלייזונג.

## 33

# משה און אַהרן ביי פּרעה׳ן.

און נאָכדעם זײַנען משה און אַהרן געגאַנגען צו פּרעה׳ן און אים געזאָגט: „שיק אַרויס די קינדער פון ישראל, זאָלן זיי גיין און מאַכן אַ יום־טוב (יאָמטעוו)



מ ש ה און א ה ר ן פאַר פ ר ע ה'ן.

אין מ ד ב ר". האָט פ ר ע ה געזאָגט: „איך וועל ניט אַרויסשיקן די קינדער פון י ש ר א ל. זיי דאַרפן קיין י מ י ם - ט ו ב י ם (יאָמטויווים) ניט. און איר, מ ש ה און אַ ה ר ן, שטערט ניט דעם פאָלק צו אַרבעטן. גייט אייך געזונטערהייט!"

און דעמזעלבן טאָג האָט פ ר ע ה באַפוילן צו זיינע אויפזעער: „פון היינט אָן און ווייטער זאָלט איר ניט געבן

די קינדער פון ישראל קײַן פּאַרטיקע שטרוי פאַר די ציגל. זאָלן זײ אַלײן גײן און קלײַבן שטרוי. און די צאָל ציגל, וואָס זײ מאַכן יעדן טאָג, זאָל בלײַבן דיזעלבע, וואָס פריער. זײ אַרבעטן װײניק, דערפאַר רײדן זײ װעגן אַ יום־טוב. זאָל דערפאַר די אַרבעט װערן שװערער, װעלן זײ קײן צײַט ניט האָבן צו קלערן װעגן נאַרישקײַטן".

און די באַצװינגער און די אױפזעער האָבן געזאָגט צו די קינדער פון ישראל: „אַזױ און אַזױ האָט פּרעה געהײסן". און זײ האָבן געדריקט און אונטערגעטריבן די קינדער פון ישראל; און די אַרבעט איז געװאָרן נאָך שװערער. האָבן די קינדער פון ישראל זיך געקלאָגט פאַר משה'ן: „זינט דו ביסט געגאַנגען צו פּרעה'ן רײדן פאַר אונז, איז אונז ניט לײַכטער, נאָר שװערער גע־װאָרן".

איז משה װידער געגאַנגען צו פּרעה'ן און אים גע־זאָגט: „לאָז די קינדער פון ישראל אױף דרײַ טעג אין דער מדבר אַרײַן". נאָר פּרעה'ס האַרץ איז געװען האַרט, און ער האָט ניט געפאָלגט און ניט געלאָזן.

34

## די צען פּלאָג.

און אױף די מיצרים זײַנען אָנגעפאַלן אַלערלײ פּלאָג און שלעק. דאָס גאַנצע װאַסער אינ'ם טײַך איז געװאָרן רױט װי בלוט. און די פיש װאָס אין טײַך זײַנען אױסגע־שטאָרבן. און די מיצרים האָבן ניט געקאָנט טרינקען קײן װאַסער פון טײַך.

און דאָס גאַנצע לאַנד איז פול געוואָרן מיט פרעש, און דאָס וואַסער אין טײַך מיט קראָקאָדילן.

און מענשן און בהמות אין מצרים זײַנען געוואָרן באַשאָטן מיט אַלערלײַ מיאוס׳ע (מיעסע) אינזעקטן.

און ווילדע חיות (כאַיעס) האָבן באַפאַלן דאָס לאַנד און דערשלאָגן מענשן און פי.

און אַ קראַנקהײַט איז געקומען אין מצרים אויף פי, און עס זײַנען געפאַלן אַלע בהמות און פערד און אײַז־לען בײַ די מיצרים.

און די מיצרים האָבן זיך באַדעקט מיט קרעץ.

און עס האָט געהאָגלט אַ שטאַרקער האָגל אויף דער ערד; און דער האָגל האָט צעשלאָגן אַלע תבואות אויף די פעלדער.

און אַ היישעריק איז באַפאַלן מצרים, און דער היי־שעריק האָט אויפגעגעסן אַלץ, וואָס עס איז געבליבן אויף די פעלדער פון׳ם האָגל.

און אַ פינסטערניש איז געקומען אויף מצרים: אַזאַ געדיכטע פינסטערניש, אַז מען האָט זיך פון אָרט ניט געקאָנט רירן.

אָבער פרעה׳ס האַרץ איז געווען האַרט, און ער האָט אַלץ ניט געוואָלט אַרויסשיקן די קינדער פון ישראל פון מצרים.

נאָר אײַנמאָל איז פּלוצים אין מיטן נאַכט געוואָרן אַ גוואַלדיקער טומל אין מצרים: די עלטסטע קינדער פון פיל פון די מיצרים זײַנען געשטאָרבן, און פרעה׳ס עלטערער זון איז אויך געשטאָרבן. און פרעה האָט מורא (מוירע) געהאַט, ער זאָל אַלײן אויך ניט שטאַרבן.

האָט ער געטראַכט: דאָס איז אַלץ צוליב דעם, וואָס ער לאָזט ניט אָפּ די קינדער פון ישראל אין דער מדבר. האָט ער אין מיטן נאַכט געשיקט רופן משה׳ן און אַהרנ׳ען און האָט זיי געזאָגט: „גייט איר און אייער גאַנץ פאָלק שנעל אַרויס פון מצרים און מאַכט אייך אַ יום־טוב אין מדבר. אויך אייערע שאָף און רינדער נעמט מיט און גייט“.



פרעה בעט משה׳ן אַרויספירן די קינדער פון ישראל.

און די מיצרים האָבן אונטערגעאײַלט און אונטערגע־
טריבן די קינדער פון ישראל, זײ זאָלן וואָס גיכער פאַר־
לאָזן דאָס לאַנד. און די קינדער פון ישראל האָבן קײַן
צײַט ניט געהאַט לאָזן אײַנזײַערן זײער ברויט, וואָס זײ
האָבן אײַנגעמאַכט, און זײ האָבן געדאַרפט באַקן ניט
אײַנגעזײַערטע מצות (מאַצעס).

און אין דעם פופצנטן טאָג פונ׳ם ערשטן חודש
(כוידעש), אין פרילינג, אין מיטן העלן טאָג זײַנען אַלע
קינדער פון ישראל — מיט משה׳ן און אהרנ׳ען
(אַרענען) פאָרויס — אַרויסגעגאַנגען פון מצרים און באַ־
פרײַט זיך פון קנעכטשאַפט.

און צוליב דעם אָנדענק פון אָט דער באַפרײַאונג
מאַכן די אידן דעם יום־טוב פסח (פייסאַך) און
עסן מצות (מאַצעס).

35

## די פרײַע פײַנעלאַך.

קנעכט זײַנען געווען אונזערע עלטערן בײַ פרעה׳ן
אין מצרים. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט
האָבן זײ שווער געאַרבעט. אויך בײַנאַכט האָבן זײ קײַן רו
ניט געהאַט. נאָך אײדער דער מאָרגנשטערן איז אויפ־
געגאַנגען, איז שוין דער אויפזעער מיט דער רוט געקו־
מען: „שטײט אויף, קנעכט, צו דער אַרבעט!“

דאָס פאָלק פאַרלאָזט די געצעלטן, גײט אַוועק אין
פעלד אַרײַן צו דער אַרבעט. די מוטערס שטײען אויף,

גריַיטן צו שפּיַיז פּאַר זייערע מאַנען און לאָזן איבער די קינדער אַליין. די עלנדע קינדער זאַמלען זיך צונויף אויפ׳ן פעלד און שפּילן זיך. זיי זעען, ווי גאַנצע סטאַדעס פייגל פליען אַרום מיט אַ הילכיקן געזאַנג אונטער׳ן בלויען הימל. אָפּטמאָל לאָזן זיך די פייגל אַראָפּ אויף דער ערד, און די קינדער וואַרפן זיי צו שטיקלאַך ברויט. די פייגעלאַך דערציילן זיי וועגן דעם לאַנד, וואָס געפינט זיך אויף יענער זיַיט באַרג; פון די טיַיכן, וואָס פליסן דאָרט; פון די בלומען, וואָס בליען אַזוי שיין. און זיי זינגען פרייַלאַכע לידער פון פריַיהיַיט.

שטיל הערן זיך די קינדער צו און פרעגן: „זאָגט אונז, ליבע פייגעלאַך, זיַיט איר פריַי, אָדער איר לעבט אין קנעכטשאַפט?" — און די פייגעלאַך ענטפערן מיט פרייד: „מיר זיַינען פריַי, ליבע קינדער! וואוהין מיר ווילן, פליען מיר. ניטאָ קיין בעסערע זאַך פון פריַיהיַיט! האָט ליב, קינדער, די פריַיהיַיט, און אַז איר וועט גרעסער ווערן, זאָלט איר זען באַפריַיען זיך פון אײַער קענכט־שאַפט".

אַזוי האָבן די פייגל געזונגען.

און אַמאָל, אין אַ שיינעם פרילינג־פרימאָרגן, זיַינען די פייגעלאַך געקומען צופליען צו זייערע גוטע פריַינד. האָבן זיי דערזען, ווי די קינדער פון ישראל שטייען אָנגעטאָן, גרייט אין וועג אַריַין. זיי שטייען מיט די שטעקנס אין די הענט און איַילן זיך צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי זיַינען געווען קנעכט; און די געזיכטער זייערע זיַי־

נען געוועגדט צו דעם לאַנד, וואָס אויף יענער זײַט באַרג.

די קינדער האָבן דערזען די פֿײגל און אויסגערופן מיט גרויס פֿרייד:

— פֿרײַ זײַנען מיר, ליבע פֿײגעלאַך! מיר פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד פֿון קנעכטשאַפֿט!

און די פֿײגל האָבן געענטפֿערט מיט פֿריילאַכן געזאַנג, ווי זיי וואָלטן געגריסט די קינדער אויף דעם וועג פֿון פֿרײַהײַט און גליק.

## 36

# די קינדער פֿון ישראל גײען אַריבער דעם ים־סוף (יאַמסוף).

און משה האָט געפֿירט די קינדער פֿון ישראל אין מדבר אַרײַן, צום ברעג פֿון דעם ים (יאַם), וואָס הייסט ים־סוף (יאַמסוף).

און פּרעה האָט דערהערט, אַז די קינדער פֿון ישראל זײַנען אינגאַנצן אַוועק פֿון לאַנד, האָט אים שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיי געלאָזן גיין. האָט ער געהייסן אײַנשפּאַנען זעקס הונדערט רײַטוועגענער און ער האָט גענומען אַ גרויסע אַרמיי און אָנגעיאָגט די בני (בנײ)־ישראל און ער האָט זיי דעריאָגט בײַם ברעג פֿון ים־סוף (יאַמסוף).

אַז די בני (בנײ)־ישראל האָבן דערזען פּרעה'ן מיט זײַן גאַנצער אַרמיי, האָבן זיי זיך דערשראָקן און האָבן אָנגעהויבן שרײַען אויף משה'ן: „ווייניק פּלאַץ צו שטאַרבן איז פֿאַראַן אין מצרים, וואָס דו האָסט אונז געבראַכט אַהער שטאַרבן אין דער מדבר?“

האָט משה געזאָגט: „שרעקט זיך ניט, קוקט נאָר, וואָס דאָ וועט געשען“.

און משה האָט אַ מאַך געטאָן מיט זײַן שטעקן איבער׳ן וואַסער. און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקער ווינט און האָט אויסגעטריקנט דאָס וואַסער פון ים. און די בני־ישראל זײַנען דורכגעגאַנגען בײַנאַכט דעם ים אין דער טריקעניש. און די מיצרים האָבן נאָכגעיאָגט די בני־ישראל אין ים אַרײַן.

און ווען די מיצרים זײַנען געווען אין מיטן ים, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקער ווינט פון דער אַנדער זײַט, און דאָס וואַסער האָט ביסלאַכווײַז צוריק אָנגעפילט דעם ים, און פּרעה מיט אַלע זײַנע רײַטער און רײַטוועגענער און זײַן גאַנצער אַרמײַ זײַנען דערטרונקען געוואָרן אין ים.



פּרעה׳ס אַרמיי ווערט דערטרונקען אין ים.

דאַמאָלסט האָט משה און די בני־ישראל פון פיל פרייד געזונגען לידער און לויב־געזאַנגען.

און מרים, די שוועסטער פון אהרן און משה, האָט גענומען אַ פּויק אין האַנט און איז אַרויס זינגען און טאַנצן, און אַלע ווייבער זיינען אַרויס נאָך איר מיט פּויקן און מיט טענץ און מיט געזאַנג.

37

# די בני־ישראל אין מדבר.

פון ים־סוף זיינען די בני־ישראל געגאַנגען ווייטער אין מדבר אַריין. האָבן זיי דאָרטן ניט געהאַט וואָס צו עסן.

האָבן זיי געמורמלט אויף משה׳ן מיט אהרנ׳ען: „וואָס האָבן זיי אונז אַרויסגענומען פון מצרים? מיר האָבן דאָרט געהאַט טעפּ מיט פלייש, און דאָ שטאַרבן מיר פון הונגער“.

האָבן משה און אהרן געזאָגט: „וואָס זייט איר אַזוי אומצופרידן? וואָס האָט איר צו אונז פאַר פּרעטענזיעס?“

און אין אָוונט זיינען געקומען צופליען פויגלען און האָבן באַדעקט דעם גאַנצן פלאַץ אַרום. און די בני־ישראל האָבן גענומען די פויגלען און געגעסן פלייש. און אין דער פרי האָט זיך די גאַנצע ערד באַדעקט ווי מיט אַ טוי. האָבן די בני־ישראל עס דערזען און געזאָגט: „דאָס איז מן (מאַן)“.

און משה האָט געזאָגט: „דאָס איז אייך ברויט צום עסן“.



די בני־ישראל קלייבן מן.

האָבן די  ב נ י ־ י ש ר א ל  זיך פאַרשפּרייט איבער'ן פעלד און געקליבן פאַר זיך מ ן. יעדערער האָט אָנגע־קליבן, וויפיל ער דאַרף פאַר זיך און פאַר זיין הויז־געזינד. און האָט ווער אָנגעקליבן מער און איבערגעלאָזט אויף מאָרגן, איז עס פאַרדעמפּט געוואָרן.

און דער מ ן האָט זייער גוט געשמעקט; עס איז צע־גאַנגען אין מויל, און יעדערער האָט אין אים געפילט, וועלכן ט ע ם (טאַם) ער האָט נאָר געוואָלט.

און די  ב נ י ־ י ש ר א ל  האָבן געגעסן דעם מ ן די גאַנצע צייט, וואָס זיי זיינען געווען אין מ ד ב ר, ביז זיי זיינען געקומען צום לאַנד כ נ ע ן.

און די  ב נ י ־ י ש ר א ל  זיינען געגאַנגען ווייטער אין

דער מדבר. האָבן זײ ניט געהאַט קײן װאַסער צו טרינ־קען. האָט זיך דאָס פֿאָלק געקריגט מיט משה׳ן און גע־זאָגט: „גיב אונז װאַסער צו טרינקען. װאָס האָסטו אונז אַרויסגענומען פֿון מצרים צו טײטן אונז מיט אונזערע קינדער דורך דאָרשט?“

האָט משה גענומען די עלטסטע פֿון פֿאָלק און איז געגאַנגען מיט זײ צום באַרג חורב (כוירעוו) צו אַ שטײן. און ער האָט אױפֿגעהױבן זײַן שטעקן און אַ קלאַפּ גע־טאָן איבער׳ן שטײן. איז אַרויסגעגאַנגען װאַסער, און דאָס גאַנצע פֿאָלק און זײערע פֿי האָבן געטרונקען און גע־שטילט זײער דאָרשט.



דאָס פֿאָלק שטילט דעם דאָרשט פֿון װאַסער פֿון קװאַל.

און עמלק (אַמאַלײק) איז געקומען פֿירן קריג מיט די בני־ישראל. האָט משה געזאָגט צו יהושוע׳ן (יעהױשואַן): „קלײַב אױס די שטאַרקסטע מענער און

טרעט אַרויס קעגן ע מ ל ק. איך וועל שטיין אויפ׳ן שפּיץ באַרג און אַכטונג געבן“.

האָט י ה ו ש ו ע אַזוי געטאָן.

און מ ש ה און אַ ה ר ן און ח ו ר (כור) זיינען אַרויף אויפ׳ן שפּיץ באַרג. איז ווען נאָר מ ש ה פלעגט אויפהייבן זיינע הענט, פלעגן די ב נ י ־ י ש ר א ל שטאַרקער ווערן; און פלעגט ער אַראָפּלאָזן זיינע הענט, פלעגט ע מ ל ק שטאַרקער ווערן.

ווען מ ש ה׳ס הענט זיינען שוואַך געוואָרן, האָט מען גענומען אַ שטיין און מ ש ה האָט זיך אויף אים אַרויפגעזעצט. און אַ ה ר ן און ח ו ר האָבן אונטערגעהאַלטן זיינע הענט. האָט י ה ו ש ו ע צעשלאָגן ע מ ל ק מיט זיין שווערד.



אַ ה ר ן און ח ו ר האַלטן אונטער מ ש ה׳ס הענט.

# די צען געבאָט.

אינ'ם דריטן חודש, נאָכדעם ווי די בני־ישראל זײַנען אַרויס פֿון מצרים, זײַנען זיי אָנגעקומען צום באַרג סיני (סינאַי).

האָט משה געזאָגט צום פֿאָלק: „זײַט גרייט צום דריטן טאָג; מאַכט זיך ריין און וואַשט אײַערע קליידער“.

און אויפ'ן דריטן טאָג האָט משה געבראַכט דאָס גאַנצע פֿאָלק צום באַרג סיני. און דער באַרג איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן וואָלקן. און עס האָט געדונדערט און געבליצט, און אַ שטים ווי פֿון אַ שופֿר (שויפֿער) האָט געהילכט. און דער באַרג האָט געפֿלאַקערט און האָט זיך אינגאַנצן געוויגט און געציטערט. און דאָס פֿאָלק האָט געהערט די דונערן און האָט געזען די בליצן און דעם באַרג, וואָס רייכערט זיך, איז עס פֿאַרציטערט געוואָרן און געשטעלט זיך פֿון דערווײַטן. און משה איז



די בני־ישראל ביים באַרג סיני.

אַרויפגעגאַנגען אויפ'ן באַרג צום וואָלקן, פון וואַנען עס האָט זיך דערהערט אַ שטימע, וואָס האָט גערופן:

זאָלסט זיך ניט מאַכן קיין אָפּגעטער און קיין בילדער, זאָלסט זיך ניט בוקן צו זיי און זאָלסט זיי ניט דינען.

זאָלסט היטן דעם שבת (שאַבעס)־טאָג. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען — דו און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין אָקס און דיין אייזל און דער פרעמדער, וואָס וואוינט ביי דיר.

זאָלסט ערן דיין פאָטער און מוטער!

זאָלסט ניט שווערן אויף פאַלש!

זאָלסט ניט טייטן!

זאָלסט ניט צעלאָזן זיין!

זאָלסט ניט גנב'נען (גאַנווענען)!

זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלשע עדות (איידעס)!

זאָלסט ניט גלוסטן דאָס הויז פון אַ צווייטן.

זאָלסט ניט גלוסטן דעם אָקס, אָדער די שעפּס, אָדער דאָס קלייד, אָדער די פרוי פון אַ צווייטן.

דאָס זיינען די געבאָט, וואָס די בני־ישראל האָבן געהערט און באַקומען אויף דעם באַרג סיני.

## 39 דער עגל (אייגל).

און משה איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג סיני אויסצוקריצן די צען געבאָט אויף צוויי שטיינערנע טאָוולען. און יהושע (יעהוישואַ) איז געבליבן וואַרטן אויף אים צופוסנס פון באַרג. און משה איז פאַרבליבן אויפ'ן באַרג פערציק טעג און פערציק נעכט.

און אַז דאָס פאָלק האָט דערזען, אַז משה זאַמט זיך,

האָט עס זיך פאַרזאַמלט אַרום אַהרנ׳ען (אַרענען) און געזאָגט: „משה, וועלכער האָט אונז אַרויסגעפירט פון מצרים — ווייסן מיר ניט, וואָס מיט אים איז געוואָרן. מאַך אונז אַ גאָט, וואָס זאָל אונז פירן ווייטער“.

האָט אַהרן געזאָגט: „טוט אויס די גאָלדענע אויערינגלאַך בײַ אײַך און בײַ אײַערע ווײַבער און קינדער און ברענגט זיי צו מיר“.

האָבן אַלע אויסגעטאָן זייערע אויערינגלאַך און געבראַכט צו אַהרנ׳ען. האָט אַהרן פון דעם גאָלד געמאַכט אַן עגל (אייגל), אַ גאָלדן קאַלב, און האָט געזאָגט: „דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט אײַך אַרויסגעפירט פון מצרים“.



דאָס פאָלק טאַנצט אַרום קאַלב.

און דאָס פאָלק האָט געגעסן און געטרונקען און געטאַנצט אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב.

און אין דער צײַט איז משה אַראָפּ מיט די צוויי לוחות (לוכעס), צוויי שטײנערנע טאָוולען, אויף די הענט. און ווען ער האָט דערזען דאָס גאָלדענע קאַלב און דאָס פאָלק, וואָס טאַנצט אַרום דעם קאַלב, איז ער אַרײַן אין צאָרן, און ער האָט אַ וואָרף געטאָן די טאָוולען און צעבראָכן זײ אונטער'ן באַרג.



משה צעברעכט די לוחות.

און משה האָט גענומען דאָס קאַלב, צעשמאָלצן עס אין פײַער, צעמאָלן אויף דין און צעשפּרײט עס איבער'ן וואַסער. און ער האָט באַשטראָפט די בני־ישראל, וואָס האָבן זיך געבוקט צום קאַלב.

און משה האָט אויסגעהאַקט אַנדערע צוויי שטײ־נערנע טאָוולען און איז ווידער אַרויף אויפ'ן באַרג און

אויסגעקריצט אויף די טאָוולען די צען געבאָט. און ער איז ווידער געווען אויפ'ן באַרג פערציק טעג און פערציק נעכט.

און ווען משה איז אַראָפּ פון באַרג מיט די צוויי טאָוולען, — ערשט זיין פנים (פּאָנים) האָט אָנגעהויבן צו לויכטן. האָט דאָס פאָלק זיך בערשראָקן צו קוקן משה'ן



משה קומט מיט די לוחות. זיין פנים שיינט.

גלייך אין פנים אריין. האט משה גענומען א שלייער און פארדעקט זיך דעם פנים. און יעדעס מאל ווען משה פלעגט קומען ריידן צום פאלק, פלעגט ער זיך דעם פנים פארדעקן מיט דעם שלייער.

40

# משה׳ס בילד.

און דער נאמען פון משה׳ן איז געווארן באַרימט צווישן אלע פעלקער אין די ווייטסטע לענדער.

האט זיך איינעם פון די אראבישע קעניגן, וואס האט אויך געהערט פון משה׳ן, פארגלוסט צו האבן ביי זיך משה׳ס בילד. רופט ער איינעם פון זיינע בעסטע מאלער און זאגט צו אים: „גיי צו די בני־ישראל אין מדבר, מאל אפ פינקטלאך דעם פירער זייערן משה׳ן, און ברענג מיר דאס בילד״.

האט דער מאלער אזוי געטאן.

און ווען ער איז צוריקגעקומען מיט דעם בילד, האט דער קעניג צונויפגערופן אלע זיינע קלוגע און געלערנטע לייט, וואס קענען דערקענען דעם כאראקטער פון מענשן לויט די שטריכן פון זיין פנים, און זיי געזאגט: „באַטראכט דאס בילד פון דעם מאן, און נאך זיין אויסזען זאגט מיר, וואס איז זיין כאראקטער; געפינט אויס, אין וואס קאן שטעקן זיין וואונדערלאכע קראפט״.

די געלערנטע האבן לאנג באטראכט דאס בילד און דערנאך האבן זיי געזאגט צום קעניג:

„דער מאַן, פון וועלכן דאָס בילד איז געמאָלט, זעט אויס צו זײַן אַ גרויסהאַלטער, אַ האַרטהערציקער און אַ געלט־גײַציקער מענש, אַ שלעכטער און אַ ליגנער. ער יאָגט זיך נאָך כבוד (קאָווער) און נאָך מאַכט; ער פאַר־מאָגט די ערגסטע שטריכן אין דער וועלט.“

ווערט דער קעניג שטאַרק אויפגעבראַכט: „סטײַטש, — שרײַט ער אויס, — איז דען מעגלאַך, אַז אַזאַ מענש, ווי איר שטעלט אים פאָר, זאָל באַוויַזן אַזעלכע וואונדער, זאָל אַרויסנעמען אַ פאָלק פון קנעכטשאַפט און געבן זײַ אַזעלכע געזעצן און זאָל זײַן אַזוי באַרימט איבער גאָר דער וועלט? אײנס פון די צוויי מוז דאָ זײַן פאַלש: אָדער דאָס בילד, אָדער אײַער מײנונג וועגן אים“.

און דער קעניג האָט באַשלאָסן זיך אַוועקצולאָזן אין דער מדבר, אַליין מיט די אייגענע אויגן אָנצוקוקן משה׳ן און דערגײן דעם אמת (עמעס).

ווען דער קעניג איז געקומען אין מדבר צו די בני־ישראל, האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז דאָס בילד איז טרײַ אַראָפּגענומען פון משה׳ן, עס פעלט נישט אַ האָר. אים איז אָבער דאָך שווער געווען צו גלויבן, אַז זײַנע קלוגע לײַט, די גרעסטע געלערנטע, אין וועלכע ער איז געווען די גאַנצע צײַט אַזוי אײַנגעגלויבט, זאָלן אַזאַ גראָבן פעלער מאַכן. קומט ער אַרײַן צו משה׳ן אין געצעלט און דערציילט אים די גאַנצע מעשה.

משה האָט אויסגעהערט דעם קעניגס ווערטער און צו אים אַזוי געזאָגט:

„גערעכט זײַנען דאָ בײדע — אי דער מאָלער, אי די קלוגע לײַט דײַנע. דאַרפסט װיסן, אַז פון דער נאַטור ליגן טאַקע אין מיר אָט די אַלע שלעכטע שטריכן, װאָס דײַנע קלוגע לײַט האָבן געפונען אין מײַן בילד. מײַן גאַנץ לעבן אָבער האָב איך געפירט אַ שװערן קאַמף מיט זיך אַלײן. יעדעס מאָל, װען עס פלעגט זיך מיר פאַרװעלן טאָן עפּעס אַ שלעכטע זאַך, פלעג איך זיך גלײַך נעמען אין די הענט, איך פלעג זיך אָנשטרענגען און ניט טאָן די שלעכטע זאַך, נאָר פאַרבײַטן זי אויף אַ גוטער. און אַזוי האָב איך ביסלאַכװײַז בײַגעקומען די אַלע שלעכטע שטריכן און געװאוינהײַטן, װאָס איך האָב פאַרמאָגט; און איך בין געװאָרן דאָס, װאָס איך בין איצט.“

## 41
# דער משכן (מישקן).

און משה האָט גערופן צו זיך די גרויסע מײַסטערס בעצאַלעל און אָהאָליאָװ, װאָס האָבן געקאָנט טאָן אַלער־לײ אַרבעט אויף גאָלד, אויף זילבער און אויף קופּער, און מאַכן שניצונגען אויף שטײן און אויף האָלץ. און משה האָט צו זײ געזאָגט: „נעמט און מאַכט אַ משכן (מישקן), אַ געצעלט פון פאַרהאַנגען פון װאָל; שײנע אַרבעט זאָל דאָס זײַן. און פון אויבן זאָלט איר באַדעקן דעם משכן מיט פאַרהאַנגען פון ציגן־װאָל און מיט הירשן־פעל.

„און אַ קאַסטן, אַן ארון (אָרן), זאָלט איר מאַכן, פאַר די צװײ שטײנערנע טאָװלען, װאָס אויף זײ זײַנען אויסגע־

קריצט די צען געבאָט. אַ הילצערנער קאַסטן זאָל דאָס זײַן, און פֿון אויבן באַצויגן מיט גאָלד. און צוויי גע־שטאַלטן זאָלסטו איר מאַכן, וועלכע זאָלן פֿאַרשפּרייטן זייערע פֿליגלען איבער׳ן אָרון (אָרן), גאָלדענע גע־שטאַלטן זאָלן דאָס זײַן. און אַ שיינעם טיש זאָלט איר מאַכן מיט אַ קרייז אַרום און באַדעקן אים מיט גאָלד.

„און אַ מנורה (מנוירע), אַ לײַכטער זאָלט איר מאַכן פֿון ריינעם גאָלד, מיט זיבן רערן אַ לײַכטער, און מיט שיינע בעכערלאַך און קנעפּעלאַך און בלומען. און אַ האַנטפֿאַס זאָלט איר מאַכן צו וואַשן די הענט.“



די מנורה, דער אָרון און דער טיש.

און בעצאַלעל און אָהאָליאָוו האָבן דאָס אַלץ גע־מאַכט.

און משה האָט אויפֿגעשטעלט דעם משכן און אַרײַנגעשטעלט אַהין דעם טיש און די מנורה און די האַנטפֿאַס. און ער האָט אויסגעטיילט אַ צימער אינ׳ם משכן, אַ זייער הייליק צימער, און אַרײַנגעשטעלט אַהין דעם אָרון מיט די לוחות און די געשטאַלטן אויפֿ׳ן אָרון. און אַרום דעם משכן האָט ער געמאַכט אַ

גרויסן הויף, אַ זאַמל־פּלאַץ פאַר די  ב נ י ־ י ש ר א ל.
און אַ ה ר נ׳ען מיט די קינדער האָט מ ש ה געמאַכט פאַר



דער מ ש כ ן.

כ ו ה נ י ם (קויהאַנים), זיי זאָלן היטן דעם מ ש כ ן און דעם
אָ ר ו ן מיט די ל ו ח ו ת. און אַ ה ר נ׳ען אַליין האָט ער באַ־
שטימט פאַר דעם עלטסטן כ ו ה ן (קויהען).

און ווען די  ב נ י ־ י ש ר א ל  פלעגן דאַרפן אַריבער־
גיין פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערן, פלעגן אַ ה ר נ׳ס קינדער
די כ ו ה נ י ם צונויפלייגן אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין מ ש כ ן;
און די מענשן, וואָס פלעגן היטן דעם מ ש כ ן, פלעגן
דאָס נעמען אויף זייערע אַקסלען און טראָגן מיט זיך. און
דעם אָ ר ו ן מיט די ל ו ח ו ת פלעגן אַ ה ר נ׳ס קינדער
אַליין טראָגן אויף זייערע אַקסלען.

און ווען די  ב נ י ־ י ש ר א ל  פלעגן דאַרפן רירן זיך

פון אָרט, פלעגט מען אַרויסטראָגן דעם אָ ר ו ן פון מ ש כ ן, און דאָס פאָלק פלעגט שוין וויסן, אַז מען דאַרף צונויפפאַקן די געצעלטן און גיין. און ווען די כ ו ה נ י ם מיט'ן אָ ר ו ן פלעגן זיך אָפּשטעלן, פלעגט אויך דאָס גאַנצע פאָלק זיך אָפּשטעלן און אויפשלאָגן זייערע געצעלטן.

42

# די מ ר ג ל י ם (מעראַגלים).

און מ ש ה האָט אויסגעקליבן צוועלף מענשן, צו איין מענשן פון יעדן פון די צוועלף ש ב ט י ם (שוואָטים), אויף וועלכע די ב נ י ־ י ש ר א ל זיינען געווען איינגעטיילט, און ער האָט צו זיי געזאָגט: „גייט, קוקט אויס דאָס לאַנד כ נ ע ן (קנאַען). זעט — ווי איז דאָרט דאָס פאָלק: שטאַרק צי שוואַך און פיל צי ווייניק; און ווי איז דאָס לאַנד: גוט צי שלעכט, פעט צי מאָגער; און ווי זיינען די שטעט דאָרטן — באַפעסטיקטע צי אָפענע“.

זיינען די אויסקוקער, די מ ר ג ל י ם (מעראַגלים), געגאַנגען אין דעם לאַנד כ נ ע ן — אויסקוקן דאָס. און אין פערציק טעג אַרום האָבן זיי זיך צוריקגעקערט און געבראַכט מיט זיך אויף אַ באַווייז די פרוכט פון דעם לאַנד. און זיי



די מרגלים ברענגען פון די פרוכט פון לאַנד.

האָבן געזאָגט צום פאָלק: „דאָס לאַנד, וואוהין משה וויל אונז אַרײַנפירן, איז אַ פרוכטבאַר לאַנד און פליסט מיט מילך און האָניק. אירע פרוכט זײַנען גרויס און גוט. נאָר אירע אײַנוואוינער זײַנען זייער שטאַרק, און שטעט האָבן זיי פעסטע; מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט קאָנען אײַנ־נעמען. און דאָס לאַנד עסט אויף אירע אײַנוואוינער. און ריזן האָבן מיר דאָרטן געזען; מיר האָבן אויסגעזען קעגן זיי, ווי די היישעריקן“.

האָבן צוויי פון די מרגלים: כלב (קאָלעוו) פון שבט (שייוועט) יהודה און יהושע פון שבט אפרים, איבערגעריסן זייערע חברים (כאַווײרים) און געזאָגט: „שרעקט זיך ניט, בני־ישראל, מיר וועלן גיין אַהין און מיר וועלן זיי באַזיגן“.

נאָר דאָס פֿאָלק האָט זיי ניט געהערט. זיי האָבן גע־גלויבט די אַנדערע מרגלים.

און זיי האָבן ווידער געמורמלט אויף משה׳ן און אַהרנ׳ען: „בעסער שוין וואָלטן מיר געשטאָרבן אין מצרים אָדער אין מדבר. אומזיסט פֿירט איר אונז אין אַזאַ לאַנד, וואו מיר אַלע וועלן געטויט ווערן, און אונ־זערע קינדער וועלן אומקומען. לאָמיר זיך בעסער צוריק־קערן אין מצרים“.

איז משה בייז געוואָרן און געזאָגט צו די מרגלים און צו די בני־ישראל: „דערפֿאַר וואָס איר קלאָגט זיך און ווילט ניט גיין אין דעם לאַנד, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן אייערע עלטערן, וועט איר אַהין טאַקע ניט אַריינקומען. איר אַלע דערוואַקסענע וועט בלייבן דאָ אין דער מדבר פֿערציק יאָר, ביז דער גאַנצער דור (דאָר) אייערער וועט אויסשטאַרבן. און ערשט אייערע קינדער, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן אומקומען, וועלן קו־מען אין דעם לאַנד. בלויז כלב און יהושע וועלן פֿון אייך אַלעמען איבערבלייבן און אָנקומען צוזאַמען מיט דעם נייעם דור (דאָר) אין דעם לאַנד כנען“.

איז דאָס פֿאָלק געוואָרן אומעטיק, און זיי האָבן גע־זאָגט: „מיר וועלן שוין גיין אין יענעם לאַנד. פֿיר אונז!“ און זיי האָבן זיך צוגעגרייט צו גיין.

האָט משה געזאָגט: „אומזיסט זיך צוגעגרייט, גייט ניט; אויפֿ׳ן וועג זיצן די עמלקים (אַמאַלייקים) און די כנענים (קנײַנים). זיי וועלן אייך צעשלאָגן“.

האָט אַ טייל פון פאָלק ניט געפאָלגט און איז דאָך געגאַנגען. זיינען געקומען די עמלקים און די כנענים און האָבן זיי צעשלאָגן.

43

# קורח׳ס (קויראַכס) אויפשטאַנד.

און קורח (קויראַך), משה׳ס אַ שוועסטערקינד, און נאָך אַנדערע צוויי הונדערט און פופציק עלטסטע פון די בני־ישראל האָבן זיך פאַרזאַמלט און געזאָגט צו משה׳ן און צו אַהרנ׳ען: „גענוג שוין איַך צו הערשן איבער אונז. אַלע פון די בני־ישראל זיינען גלייַך. מיר ווילן ניט, איר זאָלט זיין פירער. נאָך ווייניק, וואָס איר האָט אונז אַרויסגעפירט פון אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, און געבראַכט אונז אין מדבר דאָ צו שטאַרבן, ווילט איר נאָך הערשן איבער אונז".

איז משה געוואָרן בייז און האָט געזאָגט: „איך האָב ביי קיינעם פון איַך קיין איינציקן אָקס ניט גענומען און האָב קיין איינציקן פון איַך קיין שלעכטס ניט געטאָן".

און משה האָט אָנגעזאָגט דעם פאָלק: „דערווייטערט זיך פון די געצעלטן פון קורח׳ן און זיינע פריינט און רירט זיך ניט צו צו קיין זאַך, וואָס געהערט צו זיי. ווייל די ערד וועט אויפעפענען איר מויל און וועט איינשלינגען די דאָזיקע מענטשן און אַלץ, וואָס געהערט צו זיי".

און ווען משה האָט געענדיקט רײדן און דאָס פֿאָלק האָט זיך דערוויַטערט, האָט די ערד אַ ציטער געטאָן און האָט זיך צעשפּאָלטן אונטער די געצעלטן פֿון קורח'ן און פֿון אַלע מענשן, וואָס זיַינען געווען צוזאַמען מיט אים, און האָט זיי איַינגעשלונגען.



די ערד האָט זיך געעפֿנט אונטער קורח'ס געצעלט.

און דאָס פֿאָלק אַרום איז אין שרעק אַנטלאָפֿן געוואָרן, וויַיל זיי האָבן געטראַכט: „ווער ווייס, אפשר (עפּשער) וועט אונז אויך די ערד איַינשלינגען!“

און משה האָט געזאָגט: „זאָל דער עלטסטער פֿון יעדן שבט אויפֿשרײַבן זײַן נאָמען אויף זײַן שטעקן און

ברענגען צום משכן. און אַהרן זאָל ברענגען זײַן שטעקן און אויפשרײַבן אויף אים זײַן נאָמען".

און משה האָט גענומען די אַלע שטעקנס און אַוועק־געלייגט זיי בײַ דעם אָרון מיט די לוחות. און אויף מאָרגן פרי — ערשט אַהרנ'ס שטעקן האָט זיך צעבליט און אַרויסגעבראַכט שפּראָצונגען.

האָט משה אַרויסגעטראָגן די שטעקנס צום פאָלק און געזאָגט: „איצט זעט איר שוין, אַז אַהרן און זײַן הויז־געזינד זײַנען אויסדערוויילט צו זײַן כוהנים. זאָל



אַהרנ'ס שטעקן האָט זיך צעבליט.

יעדערער נעמען זײַן שטעקן. נאָר אַהרנ'ס שטעקן וועט בלײַבן ליגן, אַלס אָנדענקונג, לעבן דעם אָרון מיט די

לוחות, איר זאָלט וויסן, אַז ער איז אויסדערוויילט, און איר זאָלט זיך מער נישט קריגן".

## 44

# אַהרנ'ס טויט.

און אַהרן, משה'ס ברודער, איז געשטאָרבן. און אלעזר (עלאָזאַר), זיין זון, איז געוואָרן דער עלטסטער כּוהן אָנשטאָט אים. און די בני־ישראל האָבן באַוויינט אַהרנ'ען דרייסיק טעג, ווי דעם בעסטן גוטן פריינט זייערן.

ציים אַהרן האָט געלעבט, האָט ער קיינעם ניט אויסגערעדט, ניט אויפגעוואָרפן: „דו האָסט שלעכט גע־האַנדלט אָדער געזינדיקט". ווען ער האָט באַגעגנט, האָט ער צוערשט געגריסט. מעג זיין דער ערגסטער, האָט אַהרן אים „שלום" (שאָלעם) אָפּגעגעבן. זיינען צוויי געווען צעקריגט, פלעגט אַהרן קומען צו איינעם און זאָגן: „יענער רייסט אויף זיך די האָר און באַדויערט שטאַרק, וואָס ער האָט דיך באַליידיקט". צום צווייטן ווי־דער פלעגט ער אויך קומען און זאָגן: „יענער נעמט זיך שטאַרק צום האַרצן און עס פאַרדריסט אים זייער שטאַרק אויף דער קריגעריי". אַזוי פלעגט ער אַרויסרייסן די פיינטשאַפט פון ביידנס הערצער און זיי פלעגן שלום ווערן.

# די מלחמות (מילכאָמעס) מיט סיכוין און עוג (אויג).

און די בני־ישראל זײַנען צוגעקומען צו די גרעניצן פון לאַנד כנען.

האָבן זיי געשיקט שלוחים (שלוכים) צו די פעלקער פון אדום (עדוים), עמון (אַמוין) און מואָב (מויאָוו) און געזאָגט: „לאָזט אונז דורכגיין דורך אײַער לאַנד. מיר וועלן ניט גיין איבער די פעלדער אָדער ווײַנגערטענער, נאָר איבער די ברייטע וועגן; און וואַסער און עסנוואַרג וועלן מיר בײַ אײַך קויפן פאַר געלט. מיר וועלן גאָרניט אָנרירן פון אײַערס, נאָר לאָזט אונז דורך דורך אײַער לאַנד“.

האָבן אָבער אָט די פעלקער ניט געוואָלט דורכלאָזן די בני־ישראל. האָט משה געזאָגט: „זיי זײַנען אונזערע אייגענע. מיר וועלן מיט זיי קײַן מלחמה (מילכאָמע) ניט פירן“. זײַנען די בני־ישראל אַרומגעגאַנגען די דאָזיקע לענדער.

און די בני־ישראל זײַנען געקומען צו אַן אַנדער לאַנד, וואו קעניג איז געווען סיכוין. האָט משה געשיקט צו סיכוינען און געזאָגט: „לאָז אונז דורכגיין דורך דײַן לאַנד. מיר וועלן גיין אויפ'ן ברייטן וועג און וועלן ניט טרינקען קײַן וואַסער פון אײַערע ברונעמס“. האָט

סיכוין ניט געוואָלט דורכלאָזן די בני־ישראל און איז אַרויס קעגן זײ. האָבן די בני־ישראל אים צע־שלאָגן און אָפּגענומען בײַ אים זײַן לאַנד.

נאָכדעם זײַנען די בני־ישראל געקומען אינ׳ם לאַנד בשן (באָשאָן). איז אַרויס קעגן זײ עוג (אויג), דער קעניג פון בשן.

און עוג איז געווען זײער גרויס און שטאַרק.

האָט משה גענומען אַ האַק מיט אַ לאַנגן שטיל פון צען אײלן, און אַלײן איז ער געווען הויך צען אײלן און האָט נאָך אַ שפּרונג געטאָן אויף צען אײלן — און ער האָט דערגרײכט ביז עוג׳ס קני און אים מיט אײן קלאַפּ אומ־געוואָרפן און געטויט. און די בני־ישראל האָבן אײַנגענומען דאָס לאַנד בשן (באָשאָן).

## 46

# בלק (באָלאָק) און בלעם (בילאָם).

און בלק (באָלאָק), דער קעניג פון מואָב, האָט דער־זען, וואָס די בני־ישראל האָבן געטאָן מיט סיכוינען און עוג׳ן, האָט ער זיך דערשראָקן. האָט ער געשיקט מענשן צו בלעם (בילאָם), דעם זון פון בעאור, און גע־זאָגט: „עס איז אַרויס אַ פאָלק פון מצרים, און עס באַ־דעקט דעם שײַן פון דער ערד. איצט זיצט עס לעבן מיר. קום דערפאַר, שילט דאָס פאָלק, ווײַל עס איז שטאַרקער פון מיר. און איך ווײס, אַז וועמען דו שילטסט, איז גע־שאָלטן, און וועמען דו בענשסט, איז געבענשט“.

האָט בלעם ניט געוואָלט גײַן.

האָט בלק נאָך אַמאָל געשיקט גרעסערע מענשן צו בלעמ׳ען און געזאָגט: „זאָג זיך ניט אָפּ צו קומען צו מיר. איך וועל דיר אָפּגעבן גרויס ערע און אַלץ, וואָס דו וועסט זאָגן, וועל איך דיך פאָלגן“.



בלק׳ס מענשן ביי בלעמ׳ען.

איז בלעם אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, האָט זיך גע־זעצט אויף זײַן אײזעלטע און איז אַוועקגעפאָרן צו בלק׳ן. האָט די אײזעלטע עפּעס דערזען אויפ׳ן וועג, איז זי אַראָפּ־געגאַנגען פון וועג און צוגעדריקט בלעמ׳ס פוס צו אַ צוים. האָט בלעם געשלאָגן זײַן אײזעלטע, זי זאָל צוריק־גײַן אויפ׳ן וועג. האָט די אײזעלטע געפרעגט בלעמ׳ען: „וואָס האָב איך דיר געטאָן, וואָס דו האָסט מיך געשלאָגן?

איך בין דײַן אײזלטע, וואָס דו רײַטסט אויף מיר פון דײַן יוגנט אָן. בין איך דען געוואוינט דיר אַזוי צו טאָן?" — זאָגט בּ ל ע ם: „ניין". — און פּלוצלונג האָט ב ל ע ם דערזען אײנעם מיט אַן אויסגעשטרעקטן שווערד. האָט ער זיך דערשראָקן און זיך פאַר אים געבוקט.

— פאַרוואָס האָסטו געשלאָגן דײַן אײזלטע? — האָט יענער געפרעגט.

— איך האָב דיך ניט באַמערקט; — האָט ב ל ע ם געענטפערט; — און איצט, אויב דו ווילסט ניט, איך זאָל גיין צו ב ל ק'ן, וועל איך זיך אומקערן צוריק.

— ניין, גיי, — האָט יענער געזאָגט, — נאָר זאָלסט פאָלגן אַלץ, וואָס איך וועל דיר הייסן.

און ב ל ק איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן ב ל ע ם'ען און האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כ ב ו ד (קאָוועד).

האָט ב ל ע ם געזאָגט צו ב ל ק'ן: „בוי מיר אויף זיבן מ ז ב ח ו ת (מיזבייכעס) און גרייט מיר צו זיבן אָקסן און זיבן שעפּסן. איך וועל גיין און איך וועל זען, טאָמער וועל איך אויסגעפינען, ווי דאָס פאָלק צו שילטן".

און ב ל ע ם האָט זיך אומגעקערט צו ב ל ק'ן און געזאָגט מיט אַ מ ש ל (מאָשל): „ב ל ק האָט מיך געבראַכט פון די אַלטע בערג, און געזאָגט: קום שילט מיר י ע ק ב'ן און פאַרפלוך די ב נ י ־ י ש ר א ל. ווי זאָל איך אים שילטן, ווי זאָל איך אים פלוכן? איך זע אים פון'ם העכסטן פעלז און פון די הויכע בערגלאַך קוק איך אויף אים. עס

איז אַ פאָלק וואָס וואוינט אײנזאַם און רעכנט זיך ניט צווישן די פעלקער. מען האָט ניט אָנגעקוקט קײן אומ־רעכט אין יעקב׳ן און מען האָט ניט געזען קײן גוואַלד־טאַט בײַ ישראל׳ן. ווי גוט זײַנען דײַנע געצעלטן, יעקב; ווי גוט זײַנען דײַנע וואוינונגען, ישראל! דאָס פאָלק שטײט אויף ווי אַ לעמפּערט און דערהײבט זיך ווי אַ לײב. ווער עס בענשט דיך, איז געבענשט, און ווער עס שילט דיך, איז פאַרשאָלטן“.

איז בלק געוואָרן בײז אויף בלעמ׳ען און געזאָגט: „איך האָב דיך געבראַכט, דו זאָלסט שילטן די בני־ישראל, און דו בענשסט זײ גאָר. איך האָב געמײנט, אַז איך וועל דיר כבוד (קאָוועד) אָנטאָן, ערשט דיר קומט ניט קײן כבוד. אַנטלויף צוריק צו זיך אַהײם“.

איז בלעם אַוועק צו זיך אַהײם, און בלק איז אַן אומעטיקער אַוועקגעגאַנגען צו זיך אַהײם.

## 47

# משה׳ס טויט.

און עס איז געקומען די צײַט, ווען משה האָט גע־דאַרפט שטאַרבן. האָט ער גענומען יהושע׳ן, דעם זון פון נון, און באַשטימט אים פאַר דעם פירער פון די בני־ישראל נאָך זיך. און ער האָט צונויפגערופן די בני־ישראל און האָט זײ געבענשט פאַר זײַן טויט.



מ ש ה באַשטימט י ה ו ש ו ע'ן פאַר'ן פירער.

נאָכדעם איז ער אַרויף אויפ'ן באַרג נ ב ו (נעוואָ), און ער האָט געזען דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס איז פאַרשפּראָכן געוואָרן צו אַ ב ר ה מ'ען, צו י צ ח ק'ן און צו י ע ק ב'ן.

און מ ש ה'ן האָט זייער שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער וועט אין דעם לאַנד אַליין ניט אַרײַן. און ער האָט זיך געזעגנט מיט דעם לאַנד, וואוהין ער האָט צוגעפירט די ב נ י י ש ר א ל, און וואוהין עס האָט אַזוי שטאַרק זײַן האַרץ געצויגן. און ער איז געשטאָרבן אויף דעם באַרג נ ב ו (נעוואָ), און קיינער האָט ניט געוואוסט און ווייס נאָך ביז הײַנט ניט, וואו זײַן ק ב ר (קייווער) איז. און מ ש ה איז אַלט געווען הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן.

האָבן די בני־ישראל באַוויינט משה'ן דרײַסיק טעג. און ווען די טרויער־טעג זײַנען פאַריבער, איז יהושע, דער זון פון נון, פול געוואָרן מיט דעם גײַסט פון קלוגשאַפט, ווײַל משה האָט אַמאָל אויף אים זײַנע הענט אַרויפגעלייגט און געבענשט. און די בני־ישראל האָבן איצט נאָכגעפאָלגט יהושע'ן, ווי אַמאָל משה'ן, ווײַל אַזוי האָט משה געהייסן.



משה אויפ'ן באַרג נבו.



**טעראַכּם געטער.**

(צו זייט 2)



**אַ געצעלט פון אַ בעדואינער.**

(צו זייט 9)



לבנ'ס הויז־געטעלאך.

(צו זייט 39)



די פיראמידן און דער ספינקס פון מצרים.

(צו זייט 68)



די קינדער פון ישראל אַרבעטן ביי ליים און ציגל.

(צו זייט 68)



פרעה פאַרביטערט דאָס לעבן פון די קינדער פון ישראל.

(צו זייט 68)

